# אינהאלט

דאס בוך איז דערשינען מיט דער מיטהילף פון דעם פאנד אויפן נאמען פון אברהם דב אַבראַהאַמס ז״ל (געבוירן אין קראזש, ליטע, געלעבט יאָרן אין יאהאַנעסבורג, דרום־אפריקע), וועלכער איז בחייו געווען אַ ליטעראטור־מעצענאַט און גרויסער נדבן און איז אויך געווען דער פונדאַטאָר פון דעם מוסד־אברהמס פאר קינדער אינוואַלידן אין תל־אביב.
און אַ באַזונדער דאנק דעם ה׳ ירחמיאל ביינעשאוויץ (א פלימעניק פון דעם נדבן), וועלכער פירט אן מיט דעם אויבן דערמאנטן פאנד און האט ברייטהאַרציק באוויליקט דעם ביטראַג אויף העלפן ארויסגעבן דאס בוך.

# אליעזר היימאַן

אין די פלאַמען פון קאָוונער געטאָ אין אין יולי 1944 לעבעדיק פאַרברענט געוואָרן דער יונגער נאָוועליסט אליעזר היימאַן. פאַר־געקומען איז אין יענע טעג די ליקווידאַציע פון געטאָ און די דייטשן האָבן געהאַלטן אין איין וואַרפן צינדבאָמבעס אין יעדן נאָר ווינקל וואָס האָט זיי אויסגעוויזן ווי אַ בונקער אדער פארשטעקפּלאַץ. געוווסט האָבן זיי אַז א סך יידן באַהאַלטן זיך אויס פון די „טראַנס־פּאָרטן", פון דעם ווערן פאַרשלעפּט אין די אומקום־קאַצעטן. האָט אַ צינדבאָמבע אריינגעטראָפן אויך אין דער גרוב ווו אליעזר מיט זיין פרוי צפורה און נאָך אנדערע זיינען געווען און זיי אלע זיינען אומגעקומען צוזאמען מיט נאָך און נאָך יידן אין יענע טעג.

צו זעקס און דרייסיק יאָר איז היימאַן פאַרשניטן געוואָרן און געלעבט האָט ער די מערסטע יאָרן זיינע אין קאָוונע. די פּייזשאַזשן אָבער פון זיין שאַפן וואַרצלען טיף אין דעם שטעטל קאָוואַרסק מיט די ארומיקע דערפער ביי דעם טייך שווענטע, ווילקאָמירער געגנט. אין דעם ווינקל ליטע איז ער געווען געבוירן און פון דעם באָדן און סביבה האָט עס געקוואַלט זיין טעמאַטיק און זיך געזאַפּטיקט זיינע קאָלירפולע דערציילונגען. די נאַטור און מיליע פון די דאָר־פיקע מקומות האָבן שטענדיק געלעבט אין אים און באַלעבט זיין קינסטלערישע פען. האָט היימאַן אין אַן אנדער געגנט ווו זיך אַפּגעשטעלט און גענומען באטראכטן און באוווּנדערן אַ געוויקס, א וואַסערל, א בעל־חיים, פלעגט מען דאָס רוב הערן פון אים אויך אַ קרעכץ דערביי: „דאָרטן איז עפּעס נאָך־נאָך"... דאָרטן — ביי זיין שווענטע.

„אין וואַלד״ איז געווען היימאַנס ערשטע געדרוקטע זאַך („קאָווּנער טאָג״, 1926). אַ קורץ בילדל איבערפולט מיט שטימונג. „...קודלע־וואַטע, באַוואַקסענע ביימער האָבן צעלייגט פעטע שאָטנס אויף דער גרין־האָריקער ערד... פליסן דינע קווּעלכעלעך גאָלד... אַ קליין יונג ווינטעלע לויפט איבער די גראָזן... פייגעלעך וואַרפן פונאַנדער בריליאַנטענע קערנדלעך... זון און רעגן״... נאַטור־שילדערונג גייט שוין אוועק ביי דעם יונגען שרייבער אין זיינע ווייטערדיקע סקיצעס און דערציילונגען אין יידיש און עברית, וואָס ער נעמט אויך באַלד פאַרעפנטלעכן. איינגעוואַקסן בלייבט שוין אליעזר היימאַן אין זיין יוגנטוועלט. זיינע שורות זיינען אָנגעזייט מיט גראָז און מאָך, קוסט און בוים; זיינע בילדער שפּיגלען זיך מיט קווּעלכעלעך און קרעניצעס, אָזשערעס און טייך, און לאָנקעס, זומפּן און זשאַבעס; פלעדערמייז און שלאַנגען, פייגל און נעסטן, האָז און לאָם; זון, ווינטעלעך און דונער... אפילו היימאַנס אַ שטעטל, איז עס צום מערסט אַן אָפּגעלייגט מקום, אַ יישוב קוים באַקאַנט אויך אין דער קליינער ליטע.

אורקרעפטיק איז היימאַן אין אויפכאַפּן די רויע נאַטור און דעם פּרימיטיוו אין מענטשן. פּראָסט און פּשוטע זיינען די העלדן זיינע, און צום מערסטן אויך דאָרפישע. נאָר אין איין דערציילונג — „אברהם מאַפּו״ — נייגט היימאַן אָפּ פון זיין פּראָווינציעלן ווינקל און פאַרמעסט זיך אויף שטאָט, אויף קאָוונע פון מיטן ניינצנטן יאָר־הונדערט. דער גאַנצער כרך אין יענע יאָרן — אויך אַ מין גרעסערע שטעטל. איז אויך די היסטאָרישע דערציילונג ניט נאַטור־אָרעם. שוין ביים אָנהייב גייט אַ קאָלירפולע שילדערונג פון דעם טראַקט מיט די פערד וואָס שלעפּן אַן אָנגעפּאַקטן דיליזשאַנס אין שטאָט אריין. די בויד אינעווייניק איז באַזעצט מיט פּאַסאַזשירן פון די פאַרשיידנסטע שיכטן אין זאַמעט. און די אַ פאַרשווינען ווערן געשילדערט. מיר האָבן דאָ באַדייטיקע סוחרים, וואָס זיינען געוויינלעך געווען אויך די קהלס־פירער; און עס פאָרן שאַרפע לומדים, טאָקע אויך די טיפּישע פּרומאקעס־קנאים; און עס פעלן ניט

משכילים גאַר ערנסטע, וואָס פריינדלען זיך צו דעם גרויסן מאַפו. און ליטע שטייט אין יענע יאָרן אין סאַמע מלחמה צווישן השכלה און פרומקייט. די בויד אָבער וואָס איז אָנגעלאָדן מיט אַזאַ געזעל־שאַפטלעכן פולווער — די בויד שפּרינגט ניט אויף פון פלאַמיקע וויכוחים. טויט־שטיל. גאָר ווי עס פאַרט דאָ א חברה „שותקים"... און אָט אין קאָוונע גופא דערשיינט מאַפו אליין, אויף אַ צוזאַמענ־טרעף מיט משכילים. גייט דאָרט נאָר איבער אַ כתב־יד פון אַ טויטן דיכטער פון האַנט צו האַנט, און יעדער איינער קוקט שטום אריין. אויך דאָ איז קרעפטיק געשילדערט דער סאַלאָן און נאָך פּרטים. אָבער — נאַטור־מאָרט... דערפאַר איז אפשר דערקלערלעך וואָס ניט געקוקט אויף די גרויסע שבחים אין דער פּרעסע וועגן „אברהם מאַפו" בכלל, איז היימאַן אין זיינע דערציילונגען באַלד צוריק אין זיין געבוירן־ווינקל. ווידער שפּרייטן זיך הערלעך די לאַנדשאַפטן פון קאָוואַרסק און זשווירבלאַנץ, טרייפּ און קורקל. און ער בלייבט שוין ביי די שוועגטע־יישובים.

דער ליטווישער פּויער און יידישער יישובניק — די זיינען היימאַנס גרונטאָוונע העלדן. אָט די זיינען שוין יע ריידעוודיק. און צו זיי רעדט אויך דער גאַנצער ארום. „די יידן האָבן געקענט די שטים פון יעדן לויפנדיקן וואַסער אין דער געגנט... די ווירינטע איז היינט שווייגנדיק, האָט שלמה געזאָגט, אַ סימן אַז בייגאַכט וועט זיין רעגן". די מענטשן ווייסן אַז ביי זיי מוז מען די קוועלכעלעך „היטן ווי די אויגן אין קאָפּ... אַזוינע זיסע און קאַלטע קוועלכעלעך זיינען אין גאַנץ ליטע ניטאָ. זיי מאַכן געשמאַקער דאָס וואַסער אין דער שוועגטע"...

און דער רויך פון אַ פּויערישן קוימען דערציילט דעם יישובניק פון דער ווירטשאַפט ביים בעל־גוף. אין אַ פּראַסטיקן פאַרטאָג לאָזט זיך דער ייד אין דאָרף אריין צום האַנדלען. נאָך פון ווייטן זעט ער ווי עס פלאַטערט א פיין רייכל איבער אַ דאַך. ווייס ער אַז אין דער שטוב לעבט א יוסטער באַלעבאָס, קאַרג און שפּאָרעוודיק. אַזאַ

פאַרשעמט ניט דעם אויוון, שטאָפּט אים אָן מיט טרוקענע שייטן האָלץ. דער שיכּור אָבער און אויסברענגער באַהייצט זיין קלאָגעדיקן היים מיט געגנבעטע וויצעס און שטרוי און זיין קוימען שטיקט זיך מיט סאַזשיקע שוואַרצע רויכן...

מיט שימחה ווערט אויפגענומען דער ייד אין דער שטוב פון פויער. פריינדלעכקייט פון אלע זייטן; מען חברט זיך ברודעריש מיט אים. אַ הארציקע רייד גייט אוועק מיטן יונגן זאַמקע. מען פרעגט זיך נאָך אזוי ליבלעך וועגן זיין כלה און מען גיט אים איבער פאר איר א מתנה. מען פארבעט זי צו גאַסט, און די באַלעבאָסטע גיט צו באַזונדער: „מיר וועלן אויך גוט אויסהייצן אונדזער בעדל, ועט זי קאָנען זיך גוט דורכפּאַרענען״... דער אַלטיטשקער אין שטוב קען בכלל ניט פארשטיין וואָס דער בחור וואַרט מיט חתונה האָבן. „ווען מען האָט ליב די ווייב, דער אויוון איז גוט אויסגעהייצט, ניט אויף צו פלייסן, און די פולקייט אין טעפל מורמלט אונטער, בריען זיך אויס אין דער משפחהדיקער וואַרעמקייט געזונטע דורות, אַזוי ווי עופעלעך אין אַ וואַרעמען נעסט״...

היימאַנס פויערים זיינען — רוי־פעלד און־גלויבן. אפילו ווינ־טער אַז זיי זיצן טעג אין די כאַטעס, איז די רייד וועגן די יונגע קעפּלעך פון די ווינטער־קאָרן, ווי זיי פילן זיך אין די הויכע שנייען, און ווי פילן זיך די אויפּס־ביימער אין די פרעסט... א צונויפגוס מיט טשערעדע און לאָנקע איז דער פּאַסטעך. פּאַטופיס, דער וואַלד־שומר און אויך דינער אין קלויסטער, איז ביי אים דער קלויסטער־גלאָק „גאָטס צונג וואס הענגט צווישן הימל און ערד... דער גלאָק האָט זיך געוויגט און ער האָט זיך מיטגעוויגט. ער האָט געהאַלטן די שטריק צווישן זיינע פינגער. זי, די שטריק, איז געווען דער נאָפּל וואס פאַרבינדט אים מיט דעם גלאָק, מיט דעם האַרץ פון דער הייליקייט, די הייליקייט וואס רעדט אזוינע טיפע, פאָרכטיקע רייד..״

אין דער פרעסע איז היימאַן אָפּט געוואָרן באַצייכנט ווי אַן

ערדישער דיכטער, דער קרעפטיקער שילדערער פון ליטווישן דאָרף און פויער. האָט צו אים דערפאַר געהאַט א באזונדערע באַציונג די צייטונג אין ליטוויש, וואָס די יידישע געזעלשאַפט האָט ארויסגעגעבן. אָן איבערזעצונג פון היימאנען פלעגט פארנעמען אַן אַנגעזעען אָרט אין דעם אָרגאַן, וואָס זיין ציל איז געווען צו שטאַרקן די בירגער־לעכע באַציונגען צווישן די ליטווינער מיט די יידן און שאַפן אַ קעגנזייטיקע פריינדלעכקייט. טאָ זאָלן, הייסט עס, די גויים זען ווי דער יידישער שרייבער איז אריינגעדרונגען אין זייערע דערפער, זיין אויג אזוי וואָך צו יעדן וואָרט און באַוועג פון די פויערים, און זיין קינסטלערישע פען שילדערט פלייסיק זייער שטייגער לעבן...

פון די אַלע שטימונגען, עמאָציעס און נייגונגען ביי זיינע פויערים האָט אבער דער טאַלאַנטפולער קינסטלער ניט אויפגעכאַפּט נאָך איין „ניואַנס" — א דאָרשטיקייט צו יידיש בלוט. אין די דאָרפישע נעסטן האָט ער גאָר ניט ארויסגעפּילט דאָס פינצטערע שאַרפן פון מעסער און האַק... אַזאַ היימישקייט און זעלישע פריינדשאַפט פון די תמימותדיקע פויערים מיט די יידן; איז גאָר ווי פלוצלינג ביי די ליטווינער געוואָרן פון דער אידיליע — אַ נאַצי־אידעאָלאָגיע. נאָך איידער די דייטשע סאָלדאַטן האָבן זיך, זומער 1941, באוויזן ביי דער שווענטע, האָבן שוין דאָרטן אויסגעבראָכן ווילדע רדיפות קעגן די יידן. און באַלד גרייטוויליק אין דינסט פון היטלערן, זיינען אין געציילטע וואָכן דורך די שכנישע הענט געוואָרן אויסגעהרגעט אַלע ניט־אַריער אין דער גאנצער געגנט. און דער באַזונדערער אַקטיווער אָנטייל פון די ליטווישע פרייוויליקע קאָמאַנדעס אין דעם אויסראָט פון די יידן אין אייראָפּע — איז אַ באַקאַנט קאַפּיטל... דאָס פארזען אָבער פון פארשיידענע כאַראַקטער־שטריכן אין די באַציונגען צווישן יידן מיט ניט־יידן, און דערביי נאָך אילוזאָרישע אָפּשאַצונגען — די טעותים האָבן שוין ביי אונדז יידן אַ נישקשהדיקע היסטאָריע. און מיט ניט ווייניק טראַגישע רעזולטאַטן. און היימאַן אליין האָט דעם טעות אויך געקענט ארויספילן אין קאָוונער געטאָ אונטער די

דייטשן מיט זייערע ליטווישע פייערדיקע מיטהעלפערס. אוי, האָט ער געפּילט, מבשרו!..

פון וועלכע אַספּעקטן מען זאָל אבער ניט באַטראַכטן היימאַנס שריפטן, דערשיינט פאַר אונדז דער מחבר ווי א גלענצנדיקער טאַלאַנט אין דער מאָדערנער יידישער בעלעטריסטיק. קערנדיק די שפּראַך, שטאַרק אין אויסדרוק און וווּנדערלעך די בילדערישע פאַרגלייכונגען. די דערציילונגען שימערירן מיט די קאָלירפולע שילדערונגען פון דער נאַטור און פון פּרימיטיוון לעבן. באַזונדער אייגנאַרטיק ראָלט היימאַן אויף די קליינע און אָפּגעלייגטע יידישע יישובים אין דער ליטע מיט זייער שטייגער לעבן, וואָס איז נאָך געווען בליענדיק און אינטענסיוו און מיט די אלע חנען.

אליעזר היימאַן איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1908 אין שטעטל קאָוואַרסק, ליטע. אָנגעהויבן לערנען אין חדרים, פריער אין שטעטל און נאָך דעם אין מינסק, ווו ער איז מיט דער גאַנצער פאַמיליע מגול־גל געוואָרן ווי פּליטים אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. פון 1920 לעבט אליעזר צוזאַמען מיט זיינע עלטערן אין קאָוונע, דאָרט לערנט ער אין א ישיבה, שפּעטער ענדיקט ער די העברעישע רעאַל־גימנאַזיע און שטודירט יוריספּרודענץ אין קאָוונער אוניווער־סיטעט. אָנהייב די דרייסיקער יאָרן ווערט היימאַן אויך אַ לערער, פריער אין יאַנעווער העברעישער פאָלקשול און נאָך דעם אין וויל־קאָמירער העברעישער גימנאַזיע. 1936—1938 איז ער סעקרעטאַר פון דער יידישער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אין קאָוונע.

שרייבן האָט היימאַן אָנגעהויבן נאָך אין די גימנאַזיע־יאָרן. זומער 1926 דעביוטירט ער מיט א סקיצע אין „קאָוונער טאָג" (אונטער דער רעדאַקציע פון די שרייבער קלמן זינגמאַן און מרדכי יאָפע). זינט דעמאָלט באַטייליקט ער זיך מיט העברעישע און יידישע דערציי־לונגען און ליטעראַרישע אָפּשאַצונגען כמעט אין די אלע העברעישע און יידישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס אין ליטע („אידישע שטימע",

„דאָס וואָרט", „מאָמענט" א"א; „נתיבות", „עולמנו", „במשעולי החינוך" א"א). אַ דערציילונג היימאַנס („לידה") געפינען מיר אויך אין „כתובים" (תל־אביב 1928).

אין די יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע ווערן אויך די היימאַנס, אליעזר און זיין פרוי צפורה (געבוירענע גראָס, חתונה געהאַט 1939) פאַרשפּאַרט אין געטאָ קאָוונע און ביידע ווערן זיי אויך געטריבן צו דער צוואַנגאַרבעט. אין יולי 1944 ווערט דורכגעפירט די ליקווידאַציע פון געטאָ און די יידן ווערן דעפּאָרטירט אויף מערב, אין די קאַצעטן דאָרטן. פּרוּוון זיך אַ סך ראַטעווען און באַהאַלטן זיך אין קעלערן און גריבער־מאַלינעס. די דייטשן אָבער, ווי שוין געשריבן, זוכן די באַהעלטענישן און וואַרפן צינדבאָמבעס. זיינען אין יענע טעג צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער יידן לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן אויך אליעזר היימאַן און זיין פרוי.

אחוץ א קליין ספרל „אברהם מאפו" (היסטאָרישע דערציילונג, קאָוונע 1937), האָט אליעזר היימאַן ניט געהאַט די מעגלעכקייט ארויסצוגעבן זיינע יצירות אין בוכפאָרעם. ווי ער האָט אבער געשטרעבט דערצו! אין געטאָ איז ביי אים דער באַגער געוואָרן — אַ חלום. ממש אַ משונהדיקער חלום אין יענער צייט. „זאָל בלייבן כאָטש א זכר פון א ליטעראריש שאַפן, אַ געדעכעניש!" — פלעגט זיך אָפּט ביי אים צעשפּילן אַזאַ מין פאַנטאַזיע... ווי א שריד פון דער יידישער ליטעראַרישער משפחה אין ליטע און היימאַנס אַ געוועזענער חבר און פריינד, און אויך געטאָ־שכן, טוט שוין לענגער דער שרייבער פון די שורות אין צוזאַמענקלייבן די כתבים פון דעם יונג־פאַרשניטענעם טאַלאַנט. ניט לייכט איז אָבער געווען די ארבעט. היימאַן האָט כמעט אלע זיינע שאַפונגען געדרוקט אין די יידישע פעריאָדישע און איינמאַליקע אויסגאַבעס אין ליטע. זיינען זיי טייל־ווייז בכלל ניט צו געפינען, ניט אין ביבליאָטעקן און ארכיוון און ניט ביי יחידים. אפילו אַ מער־דייטלעכע פאָטאָגראַפיע פון היימאַנען

איז אין ישראל ניט געווען צו קריגן. דאַרף דאָ באַצייכנט ווערן די מיטהילף פון דעם שרייבער מאיר יעלין, וואָס לעבט אין ווילנע און איז אויך געווען אין געטאָ קאָוונע און ביי דער ליקווידאַציע זיך געראַטעוועט אויף דער אַרישער זייט. אַחוץ וואָס ער האָט פון אַן ארכיוו איבערגעשריבן היימאַנס א דערציילונג, האט ער אויך צו־געשיקט אַ פאָטאָ. אין זיין בייגעלייגטן בריוו שרייבט יעלין:

„...ער (היימאַן) האָט געטרוימט צו זען זיין ביסל כתבים, צונויפ־געזאַמלט אונטער איין דאך פון אַ בוך, און עס ניט איין מאָל מיר אין געטאָ געזאָגט... איז ער פארשניטן געווארן אין דעם רעכטן פונאַנדערבלי פון זיינע שעפערישע כוחות... כ׳שיק דאָ צו היימאַנס אַ פאָטאָ, וועלכע איך האָב געפונען לעבן דער חורבה פון דער שטוב, ווו ער האָט געלעבט אין געטאָ”.

נאָך אומענדלעכע ארומזוכעניש איז שוין צוזאמענגענומען אַ גרע־סערע צאָל פון היימאַנס דערציילונגען אין יידיש. און מיט דער הילף פון גוטע פריינד און פאַרערערס פון אומגעקומענעם מחבר איז עס לעצטנס מעגלעך געוואָרן אז דאָס בוך זאל דערזען די ליכטיקע שיין.

ביים אריינגעבן די דערציילונגען אין דרוק, האָבן זיך דערוועקט אַנדערע שפּראַכלעכע ספיקות אין שייכות מיט אָרטאָגראַפיע, ליטווי־ניזמען און באזונדערע אויסדרוקן און אויסטייטשונגען. וויסנדיק אָבער די אויפמערקזאַמקייט פון מחבר ביי יעדן וואָרט וואָס איז ארויס פון זיין פען, איז געווען די מיינונג צו זיין וואָס מער אָפּגעהיט אין מאַכען אוועלכע ענדערונג, אפילו אין פונקטאציע.

די דערציילונגען אין בוך זיינען געאָרדנט לויט די יאָרן פון זייער דערשיינען אין דער פרעסע, וואָס ווייזט אויך אויף דעם שעפערישן גאַנג פונעם מחבר.

ישראל קאַפּלאַן

תל־אביב, פעברואר 1972



**אַ גרופּע יונגע שרייבער אין ליטע, 1930**

ערשטע ריי, פון רעכטס: נתן גרינבלאַט (גורן), יעקב גאָטליב, נוח־יצחק גאָטליב, אהרון גאָלדבלאַט; צווייטע ריי, פון רעכטס: לאה גאָלדבערג, ראובן רובינשטיין, יודיקא, נוח שטערן; דריטע ריי, פון רעכטס: ישראל קאַפּלאַן, אליעזר היימאַן

יעקב גאָטליב

אליעזר הײמאַנען

## מיר...

אָ, דו מיט דײַן זײדנס לבנה אין האַנט,
מיט וואָרצלען פֿון דורות געבונדן די טריט;
און איך מיט די שטערן פֿון חצות אין מײַן ליד,
מיט טאַטנס הבדלה אין בלוט־רויטן בראַנד —

מיר גײען ווי ווינטן דורך הײמישן לאַנד,
ווו עלנטער זונפֿאַרגאַנג דאָרנדיק בליט.
אַ הײליקער ברודער דער אָוונט — פֿאַרציט
די גאָלדענע פֿענצטער אויף מערבֿ׳שן ראַנד...

דער אָוונט — ער פֿירט אונדז דורך שטעטלעך צעשפּרײט;
דורך פֿעלדער וואָס זײַנען שוין לאַנג ניט געזײט;
דורך טויערן־הײלן אין שאָטנס געשמידט...

דער אָוונט — ער נײגט איבער אונדז זײַנע הענט
און בענטשט דיר דײַן זײדנס לבנה וואָס ברענט,
און הײליקט די שטערן פֿון חצות אין מײַן ליד.

(פֿון בוך „סאָנעטן", קאָוונע 1938)

# אין וואלד

מיר זיינען אין וואַלד געקומען.

שטיל און הייליק. קודלעוואַטע, באַוואַקסענעביימער האָבן צעלייגט פעטע שאָטנס אויף דער ערד.

דורך זייערע מידע בלעטער גיסט זיך אַ גאָלדענער שיין, פליסן דינע קוועלכעלעך גאָלד אויף דער גרין־האָריקער ערד.

אַ קליין יונג ווינטעלע לויפט איבער די גראָזן און אנטלויפט.

פייגעלעך וואַרפן פונאנדער ברילייאַנטענע קערנדלעך אויף דער וועלט —

צוויק... צוויק... צוויק...

זון און רעגן. זילבערדיקע סטרונעס זיינען צעצויגן אין דער לופט.

און זון שפילט איר הויכע ליכט־פרייד אויף די סטרונעס.

*

דער טאָג איז אַלט און גוססט. אַ פארבלוטיקטע זון פאַלט צו דער ערד.

מיר קערן זיך אום אין שטאָט.

דעמערונג אין דער וועלט. א ריזיקע שיף גליטשט זיך אויפן פינצטערן וואַסערפלאַך און די וועלן פון טייך רוקן זיך אָפּ אַהינטער צו דעם טונקל־פאַרהילטן ברעג.

# דערנער

זשווירבלאַנק, דאָס אַלטע זאַמדיקע דאָרף, ליגט ביים ראַנד פון אַ פוילער גרין־קויטיקער אָזערע. וואַסערלעך זויבערע און שטיל־מורמלענדיקע ווי שטוב־עופות גייען ארום צווישן די דאָרפישע הייז־לעך, זויגן אָן די יונגע פּרוכט־סעדלעך, פאַרקריכן ווי קראָטן אונטער די דעמבענע שווערע תבואה־שייערן, רינגלען ארום מיט אַ ברייטן וואַסער־רינג דעם טאָליקן, הויך גראַזיקן מאָהילניק און באַהאַלטן זיך אינעם שויס פון די דומפּיק־פּעטע אָזערע־וואַסערן.

סטאַסיס וואַנאַגאַס, פון די פּומפּצער וואַנאַגאַסן, אַ לאַנגער דארער פויער ווי אַ וויצע מיט אַ קיילעכדיק פּנים פון אַ געץ, איז געלעגן אויפן שטרויענעם טאַפּטשאַן און אַן אויג ניט צוגעמאַכט. אים צו־פוסנס איז געשלאָפן זיין יונג דאַר ווייבל, די עקרה, וועלכע האָט שוין לאַנג פאַרגעסן בענקען נאָך אַ קינד. אירע שמאָלע, ניט־רייפע גלידער האָבן זיך געצויגן פון איר העמד ארויס, ווי יונגע צווייגן וועלכע האָבן נאָך קיין פּרות ניט געבאָרן. אַ טיפע באַגעניש ווי אַ דאָרן האָט זיך דעם פויער אַריינגעשטאָכן אין סאַמע האַרצן אריין.

— איי, — האָט ער שטיל ארויסגעסמט ווי אַ שלאַנג — איי, טרייפענער גאָט וואָס דו ביסט! צרעתן זאָלן דיך באַפאַלן און אויפ־רעסן דעם לעצטן ביין דיינעם, גאָט הינטישער! אַ ווייב האָסטו מיר געגעבן, וועלכע זשליאָקעט אויס ביי מיר דאָס לעצטע ביסל קרעפטן און קיין קינדער גיט זי מיר ניט. ווי אַ פּיען בין איך, ווי אַ פאַר־שניטענער פּיען אין וואַלד...

און גיך ווי אַ האָז איז ער אריבערגעשפּרונגען די ברייט פון זיין שטוב און ארויס אויף זיינע פעלדער.

ס'האָט שוין געשטאַריעט אויף טאָג. די קורצע זומערנאַכט האָט געביטן איר פעל. שאָטנס, אָנגעטרונקענע מיט חשכות, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די לעכער פון די פלויטן און דאָס יונגע באַגינען־ליכט איז זיי מיט אימפעט באַפאַלן, געכאַפט זיי פאַר די העלדזער און געוואָרגן ווי שטשורעס.

אָבער די לבנה, אַ נאַקעטע און אַ פוללייביקע, איז נאָך אַרומ־געגאַנגען איבערן געגנט, זיך געפּלאָנטערט אין די דאָרפישע יונגע פּרוכט־סעדלעך און פאַרקראַכן מיט אירע באָרוועסע פיס אין די דערנער־נעסטן, וועלכע האָבן זיך צעלייגט אויף דעם פוייערס פעלדער.

— אוי, ווינד און וויי, — האָט זיך דער פּויער צעקלאָגט, — די דערנער זויגן אויס דאָס רעשט ביסל בלוט פון מיינע דאַרע פעלדער. אַ ווייב האָב איך אַן עקרה און פעלדער זומפּיקע, וואָס ווילן אַלע טאָג אָוועקשטאַרבן. ווינד און ווי...

די שינאה צו די דערנער איז אין זיין האַרצן אַלץ מער און מער געוואַקסן. אַנשטאָט מזל — האָט ער געטראַכט — האָט גאָט פאַרזייט אויף זיינע פעלדער דעם בראָך. און דער בראָך וואַקסט און געדייעט און שיקט טיפע וואָרצלען אין די טיפענישן פון זיין ערד.

סטאַסיס האָט געטראָטן איבער זיין זומפּיקן פעלד, וועלכע האָט זיך געוויגט ווי אַ וויג אונטער זיינע פיס. זשאַבעס פעטע, גראָע ווי שטיקער שטיין, האָבן זיך געהויבן פון פעטן אייער ארויס, געטאָן אין לופט עטלעכע בויגנדיקע שפּרונגען און ווידער איינגע־זונקען אין דער פייכטער גרינקייט. אַ יונג שלענגל, דאַר ווי אַ מייזיש עקל, האָט זיך שטום געשאַרט איבער דער זומפּיקער שוואַרצקייט, געקנייטשט און געאַרבעט מיטן גאַנצן גופל און ניט געוואָרן אין אַ קוסט פון ווילדע קרייטעכער, סטאַסיס האָט מיט נייגער נאָכגעקוקט דעם שלענגל. אַ ווויל שלענגל, האָט ער געטראַכט, איינעם אַזאַ לוינט צו באַגיסן מיט ספּירט און לאָזן טריקענען אויף אַ רפואה. אָבער די דערנער ביים ראַנד פון זיין נעבעכדיק פעלד האָבן אים

לאנג וועגן זיין שלענגל ניט געלאָזט טראַכטן. אַ ברי אָפּ האָבן זיי אים געטאָן איבערן האַרץ. און פויל ווי אַ קראַנק פערד, האָט ער ווייטער געשלעפּט די פיס איבער דער ערד.

צוקומענדיק צו די דערנער־נעסטן, האָט ער אַ צי געטאָן אויף הינטערווייַלעכץ. ווי ווילדע קעץ מיט אָפענע אויסגעשטרעקטע נעגל האָבן זיך די דערנער מיט אלע זייערע גיפטיקע שטעכערס ברייט צעוואַקסן און געווייעט מיט שרעק. אַ ווינט, ווי אַ געפאַנגענער פויגל, האָט צווישן די קוסטעס געפּאַטשט מיט די פליגלען, געוואָלט אַוועקפליען און ניט געקענט. אַ שטעכער האָט דעם פויער איינגעביסן אין האַנט. אין גרויס אויפרעגונג האָט ער זיך געכאַפּט אויסגראָבן די ערד אונטער די קוסטעס. ווי אַ וואָרעם וואָלט ער זיך פאַרקליבן אין טיף פון דער ערד און צעטאָטשעט די וואָרצלען פון די בייזע דערנער. גיך אָבער האָט ער פאַרלאָרן די כוחות, און באַגאָסן מיט שווערן שווייס ווי מיט טוי, איז ער געפאַלן אין טויטלעכער בלאַס־קייט, צופוסנס די קוסטעס, ווי אַ פאַרוויאַנעטער בלאַט.

דער טאָג האָט ראַש געשפּראָצט. די רייפע זומערזון האָט געשריען ווי אַ דונער פון ווייטע הימלען און פאַרגאָסן די ערד מיט וויר־בלענדיקע ליכט־כוואַליעס. סטאַדעס לעבעדיקע יונגע ווינטן זיינען געלאָפן דורך די פעלדער, געהירזשעט ווי יונגע זשרעבצעס און זיך געפאַרט מיט פריידיקן ציטער אין די לייבער...

אַ פולער מיט פינצטערניש און שווייגן, ווי אַ רייפער רעגן־וואָלקן, איז סטאַסיס אַריינגעטראָטן אין זיין שטוב. דאָס ווייבל האָט זיך געציילמט פאַרן בילד פון דער הייליקער מוטער און תפילה געטאָן.

— וואַרף אוועק דאָס תפילה־ביכל און גיב עס גריזשען די חזירים. גאָט איז שוין ניט קיין פוסבערניס *. ער איז שוין אַלט און שוואַך און האָט שוין קיין כוחות ניט דיך צו העלפן.

דאָס פרומע יונגע ווייבל איז ווי אַ לאָם פאַרציטערט געוואָרן פאַר

* פוסבערניס — אַ האַלבער בחור, ניט קיין רייפער מאַן (ליטוויש).

די חלפדיקע אַפּיקורסישע רייד און אויסגעבראָכן אין אַ טיפֿן קאָנוווּלסיוון געוויין.

— איך צעשפּאַלט דיך ווי אַ שייט האָלץ — האָט זיך דער פּויער נאָך העכער צעשריען — ליגט גאַנצענע טעג און קרעכצט ווי די זשאַבעס אין די אָונטן. אַ דונער זאָל צעברעכן דעם גאַנצן ווייבער־שטאַם. מער ווי ציילן טרערן ווי מטבעלעך אין טיכעלע אריין קענען זיי ניט. צום טאַטער קום פאָרן, עקרה דו! אַ קינד וויל איך! צום טאַטער... אַ ניט, קוילע איך דיך אוועק.

*

דאָס קליינע ליימענע טאַטער־הייזל איז געלעגן אויף אַ פּאַר־וואָרפן ווייט פעלד. גרויסע שטומע שוואָמען, ווי שטיינער, און ברייט־בלעטערדיקע קרייטעכער, ווי אָנגעשפּיצטע האָרכנדיקע אויערן, זיינען געוואָקסן אויפן פלאַטשיקן ליימענעם דעכל און געזויגן דאָס ביסל חיות וואָס איז באַהאַלטן אין זיין אינגעווייד.

דאָס אַלטע קליינע טאַטערל האָט דעם גאַנצן פרימאָרגן ארומ־געשפּאַנט איבער די שמאָלע שטעגעלעך פון זיין קאָרנפעלד און געזוכט זיין ראַבע פּארבלאָנדזשעטע הון. ס'איז געווען ווינטיקער טאָג. די הויכע גרינע זאַנגען האָבן טיף געקניט צו דער ערד, געצויגן די לאַנגע העלדזער ווי גענדז און געשלונגען אין גרויס הונגער שטיקלעך ווינט.

דאָס קליינע טאַטערל האָט אריינגעפירט סטאַסיסן מיט זיין ווייבל אין ליימענעם הייזל, וועלכע איז געווען פינצטער און דומפּיק ווי די נאָרע פון אַ חיה. אַ קליינע, פירעקיקע לאָך האָט זיך געעפנט און אריינגעלאָזן אַ שטיקל טאָג אין דעם נאַכט־חשכות אַריין. דאָס טאַטערל האָט ארויסגעגראָבן פון אַ פינצטער ווינקל גראָע פאַר־דאַרטע בלעטלעך.

— נעם — האָט ער געזאָגט צו דעם ווייבל — קיי דאָס אלע פרימאָרגן פאר תפילה, און דיין מזל וועט טאָגן...

— געצנדינערישער ליגנער דו! — האָט סטאַסיס צוגעוואָרפן אַ זילבערנע מטבע — טרייפענעס בלוט דו! אַ פערד איז זי דיר, אַז דו קאָרמעסט זי מיט קרייטעכער? איך צעקנאַק דיר באלד דיין קליין קעפל ווי אַ ניסל!

און אין גרויס צאָרן האָט ער נאָכגעשלעפט זיין ווייבל פון פינצטערניש ארויס...

— אָבער, סטאַסיס — האָט ווי אַ קיזיק דאָס טאָטערל אונטער־געטאַנצט אויףביידע פיסלעך — שטעל אַ צלם אויף דיין ערד, פאַרפלאַנץ גאָט אויף דיינע פעלדער און דיינע כוחות וועלן ניט גיין לאיבוד.

— משוגענער געצנדינערל דו — האָט אים סטאַסיס נאָכגעוואָרפן אַ קללה ווי אַ שטיין — אַ שלאַנג זאָל דיך טרעפן אין וועג.

*

אין צוויי וואָכן ארום האָט סטאַסיסעס ווייבל געמפלט. אין דער שפעטער נאַכט האָט סטאַסיס געטראָגן אין אַ זאַק דאָס נפלע צו דער באַמאָכטער זומפיקער אָזערע. שווער איז דער זאַק געווען און האָט ארויסגעבראכט גרויסע טראָפּנס שווייס אויפן פויערש פנים. איך טראָג — האָט ער געטראַכט — דעם פגר פון מיינע טויטע כוחות...

אַ ווייטן וואָרף האָט ער געטאָן דאָס נפלע אין סאַמע האַרץ פון דער אָזערע. אַ שטאַרקן פליושק האָט געטאָן דאָס וואַסער און פארשטומט געוואָרן. און צוזאַמען מיטן נפלע האָט דער פויער געוואָרפן אַ שווערע קללה ווי אַ שטיין:

— ווער פאַרבּרענט, גאָט!

***

כ'האב ליב דאס ברויט, די ווייב און דעם רינד
און דעם אומעטיקן לאַם, ציטערדיק ווי א ווינט...

און דעם צאַרטן שוואַלב, שווימענדיק אין דער קלארסטער ווייט
אַוועקטראגנדיק אויף די פליגל די פריידן פון מיין יינגסטער צייט...

און דעם וואלד און דעם טייך און דעם מענטש אין דער מיט פונם פעלד
קלאַפּנדיק אין די טויערן פון זיין ערד: — ס'איז מיין לעצט געצעלט...

וואס גיט פרעסן זיין ערד דעם פעטסטן פערדישן מיסט
און פארשילט דעם פוילן מענטשן: — וואַקסן זאַלסטו אין קאַלער וויסט...

און שלינגט דעם הייסן בראַנפן ווי פלאַמיקסטן בראַנד
און שלאגט זיין זינדיק טאכטער: — היט דיין פלייש און דיין שאַנד...

און שלייכט אוועק אין וואַלד און הרגעט אַ גיפטיקע שלאַנג
און ביים שוועל פונם וועג פאר אַ צלם, צעווײנט ער זיך יאמערלעך באַנג...

און כ'האב ליב דאס ברויט, די ווייב און דעם רינד
און דעם אומעטיקן לאַם, ציטערדיק ווי אַ ווינט...

(די אידישע שטימע, קאוונע, 29.8.30)

# הייס בלוט

די שטומע נאַקעטע בערג זײַנען געלעגן אויף זייערע ברייטע לאַפּעס און געהיט דעם טיפן שמערדעלקער טאָל. נאָר שטיינער לעכערדיקע, אויפגעפּרעסענע פון די ווינטן, זײַנען געלעגן צעוואָרפן אויף די אַראָפּהאַנגען פון די בערג און זיך אויסגעמישט מיט ווייסע, טרוקענע ביינער פון געפּגרטע פערד, הינט און קעץ. און אַ שטיל־שווייגן אַ טויטער, אַ שווערער ווי אַ וואָלקן, איז געלעגן איבער די בערג און געהאַלטן פאַרשפּיצט די אויערן בכדי צו פאַרנעמען דעם שטילן, פאַרטייעטן רוישן וואָס קומט פון די ווייטע פעלדער.

יורקע דער טענצער, אַ גרויער אַלטער פויער, וואָס זײַן גאַנץ לעבן האָט ער פאַרבראַכט אויף די קלערליי יאַרידן און וואָס פלעגט פריילעך מאכן די פויערשע געמיטער מיט זײַנע משוגענע טענץ — האָט געשפּאַנט איבערן וועג וואָס נייגט זיך אַראָפּ אין שמערדעלקער טאָל אריין. פאַרווירט פון אַ משוגעת־איבערפּאל, איז ער געשפּרונגען ווילדע שפּרונגען, און זײַן קאָפּ, וועלכער איז געווען פאַרוואַקסן מיט הארטע גרויע האָר, איז שטענדיק געלאָפן פאַרויס ווי דער קאָפּ פון אַ צעיושעטן אָקס. אַ שארפער ווינט וואס זאָגט אָן אַ שניי־שטורעם, איז געלאפן איבער דער געגנט, זיך פארפלאָנטערט אין יורקעס באָרוועסע פיס און מיט אַ קעלט אים פארשאפט אזא ווייטיק, אז יורקע האָט אזש אָנגעהויבן קלאָגן אויפן קול. ער האָט אָנגעקליבן זײַנע לעצטע קרעפטן און אָנגעהויבן לויפן מיטן וועג וואָס פירט צום שטוב פון זײַן זון, „יורגיס דער בייזער אַלמן". און זײַן לייוונטענע טאָרבע וועלכע איז פול געווען מיט שטיקער שטיין און הילצערנע קליינע געטשקעס בכדי זיך צו באַשיצן פון שדים און

הינט — האָט זיך געבאָמבלט איבער זיין רוקן, אים געשטויסן ווי אַ האַרטער פויסט. און יורקע איז געלאָפן איבערן וועג מיט דער שנעלקייט פון אַ פערד.

אבער דער ווינט איז ענדלעך איינגעשטילט געוואָרן, און יורקעס גרויסע, האַריקע אויערן, ווי די וואַלדשוואָמען — האָבן אין זיך אריינגעזויגן די שטילקייט. אין פינצטערן חלל צווישן די בערג, האָבן אָנגעהויבן ארומפליען סטאַיעס שנייעלעך, וועלכע האָבן זיך אויס־געלייגט איבער דער ערד און זי צוגעדעקט מיט ווייסקייט. יורקע האָט זיך פארלאָרן אין דעם שניי־נעפל. אָבער די פייערלעך פון וויטן שמערדעלקער וויענעסעדיס *, האָבן צו אים צוגעווונקען און אים צוגעזאָגט אַ וואַרעמען געלעגער אויף דער נאכט.

אין אַ קליינעם הייזל איז געלעגן די פינצטערניש און געבאָרן אירע שאָטנס. דאָס קליינע פענצטערל מיט אירע גרינע ברודיקע שייבעלעך האָט אין זיך אריינגעזויגן דעם ווייסן בליאַסק וואָס האָט געריזלט פון פרישן שניי. און די שאָטנס דערשפירנדיק דעם בלאָסן ליכט, וואָס האָט אָנגעפילט דאס הייזל, האָבן אָנגעהויבן געהיים צו צישן און צו קלעטערן אויף די ווענט ווי לאַנגפיסיקע שפינען.

יורקע האָט זיך אריינגעריסן אין הייזל, זייענדיק אין גאנצן איינ־געהילט אין ווינטן. יורגיס, זיין זון, און די קליינע אייניקלעך וואָס האָבן געלויערט ווי מייזלעך פון די פארהוילענע ווינקלען ארויס, האָבן אָנגעהויבן ציטערן און פלאָטערן ווי ביים אריינקומען פון אַ שד. יורגיס האָט אַ שפרונג געטאָן, געכאפט די האַק און אויס־געשריען אין גרויס שרעק:

— ווער איז אריינגעקומען ?

— איך, יורקע דיין טאַטע.

— משוגענע בלוט דו — איז יורגיס שיכור געוואָרן פון כעס ווי פון בראנפן — געבראכט מיט זיך אלע שדים פון דער נאכט און מיך

* וויענעסעדיס — אַ פאראייגזאמטער יישוב אויף די פעלדער.

מיט די קינדער איבערגעשראָקן! פּלי דיר נעכטיקן אין שטאַל צוזאמען מיט די שעפּסן, אַניט וועל איך דיך מיט דער האַק צעהאַקן ווי אַ שלאַנג...

יורגיסעס האַרבּ, שאַרף פּנים איז פאַרלאָפן געוואָרן מיט קנייטשן און פאַלדן און אים ענלעך געמאכט צו אַ צעטשעשעטן שטיין.

— אָבער דער הונגער גריזשעט מיר דעם מאָגן. האָב אויף מיר רחמנות, יורגוק, איך וויל עסן. דו ביסט דאָך מיין זון.

— די שדים זאָלן דיר צעגריזשען די ביינער, פאַרפוילטער וואָרצל דו איינער! אַנטלויף גיכער אין שטאַל צו די שעפּסן, אַניט וועל איך פון דיר ארויסרייסן דיין נשמה אזוי ווי מען רייסט ארויס די ווילדע קרייטעכער וואָס וואקסן אין גאָרטן...

און מיט אַ שייט האָלץ האָט יורגיס געשלאָגן זיין פאָטער איבערן קאָפּ און אים ארויסגעטריבן פון שטוב.

יורקע האָט אַ באַרוועסער געיאָגט איבערן שניי און די קעלט האָט זיך אים צעגאָסן אין אלע גלידער. אין שטאַל ביי די שעפּסן אַוווּ עס האָט געשלאָגן אַ פעטער וואַרעמער ריח פון מיסט, האָט ער זיך אויסגעבעט אַ שטרויגעבעט, זיך געלייגט און זיך פונאַנדערגעקלאָגט אויפן קול... די שעפּסן דערהערנדיק דאָס מענטשלעכע געוויין, האָבן אויפגעהערט צו מעקען, זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל און איינ־געזונקען אין אַ שטילשווייגן. יורקע האָט געשאָלטן זיין שטערן וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין די הימל־וועגן, ביז וואַנען עס האָט איבער אים אַראָפּגענידערט דער שלאָף און אים באַרויקט.

דער שווערער געדיכטער שניי איז שטיל, שטיל געפאַלן ווי אַ טוי. דער שניי האָט זיך אָנגעקליבן ארום דעם קליינעם פענצטערל און אים אין גאַנצן איינגעהילט. די פינצטערניש אין הייזל איז געדיכטער און שווערער געוואָרן ווי אַ וואָלקן. יורגיס האָט אויפגעעפנט דעם ליימענעם אויוון, אים אָנגעפילט מיט טרוקענע וויצעס און פאַרפוילטע בלעטער. נאָך דעם האָט ער אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און עס אריינ־געוואָרפן אין אויוון. דאָס קליינע פלעמל אויפן שפּיץ פונם שוועבעלע,

איז זיך צעוואַקסן אין אַ גרויסן, הונגעריקן פייער, וואָס האָט געפרעסן די וויצעס און בלעטער מיט גרויס אַפּעטיט. די קליינע קינדער וואָס זיינען ביז איצט געווען באַהאַלטן אין פינצטערע ווינקלען, האָבן אלע זיך פאַרקליבן ארום דעם לעבעדיקן פריילעכן פייער. די לאַנגע פייער־צינגער, וועלכע האָבן געגריזשעט די טרוקענע, קנאַקעדיקע צווייגן, האָבן זיי דערמאַנט אָן געדיכטע וועלדער, ווו עס איז אויס־געבראָכן אַ שׂרפֿה.

יורגיס האָט אויפגעפּראַלט אַ טיר אין דער שוואַרצער, ערדענער פּאָדלאָגע, האָט אַראָפּגענידערט אין קעלער מיט אַזאַ געשיקטקייט ווי אַ חיה, וואָס נידערט אַראָפּ אין איר נאָרע, און האָט ארויפגעבראַכט אַ טאָפּ ברוינע לינדזן ווי קליינע קופּערנע מטבעלעך. דעם טאָפּ האָט ער אריינגעשטעלט אינם אויוון אַנטקעגן פייער. דאָס וואַסער אין טאָפּ האָט אנגעהויבן זינגען און צישן און דאָס פייער האָט אָפּגע־ענטפערט מיט אַ קנאַקן. דאָס קליינוואַרג האָט זיך נאָך מערער צוזאַמענגענומען ארום פייער ווי אַ טשערעדע לעמער, דערשפּירנדיק אַ סכנה, און האָבן זיך אָנגעהויבן דערציילן מעשׂיות וועגן וועלף און שדים. איר האָט געוויס געזען, האָט אָנגעהויבן דער קליינער אַנטאַ־נוקאָס, איר האָט געוויס געזען מיקאָלאַס' קליאַטשע מיט די צעווונ־דיקטע היפטן. אָט וועל איך אייך דערציילן ווי אַזוי די אומגליקלעכע קליאַטשע האָט באַקומען אירע ווונדן. אין איינעם פון די זומערן איז פאַרלאָפן אַן אויסטערלישער פאַל: אַ טשערעדע וועלפיכעס און וועלף זיינען ארויס פון זייערע נאָרעס לויערן אויף יאַכט. זיי האָבן געוואָרפן בליקן אויף דער געגנט, וועלכע שפּרייט זיך פאַר זייערע אויגן און האָבן דערבליקט אויף דער ווייטער לאָנקע אַ טשערעדע פערד און אַ קיזיק צווישן זיי. די וועלף האָבן פאַררופן אַן אסיפה און באַשלאָסן צו צערייסן דאָס קיזיקל, ווייל ער פאַרמאָגט אַ געשמאַקן, ווייכן פלייש. לייכט און פלינק ווי די ווינטן, האָבן זיך די וועלף געלאָזן לויפן אַנטקעגן די פערד בכדי זיי צו פאַרטומלען. אָבער די פערד האָבן געוווּסט וואָס זיי האָבן צו טאָן. מיט זייערע קערפּערס האָבן

די פערד געשאַפן אַ קרייז ארום דעם קיזיק און אז איינער פון די וועלף האָט זיך געוואָלט ארייַנרייסן אינם קרייז, פלעגט אים אַ פערד אזא בריקע טאָן אז אלע זיינע ציינער פלעגן צעפליען מיטן ווינט...

די קינדער פּלאַצן אויף מיט אַ פריידיקן געלעכטער און נעמען נקמה פון די וועלף.

און אַנטאַנוקאס ווערט ווידער טרויעריק און פאַנגט ווידער אָן צו שפּינען זיין דערציילונג:

— אָבער מיקאָלאַס' קליאַטשע, וואָס איז געווען דאַמאָלסט אין איר מיטן שוואַנגערן, איז נישט געווען שטארק געשיקט און איז איבער־געפאַלן געוואָרן פון אַ וואָלף וועלכער האָט איר צעשעדיקט די היפטן.

די קינדער קרעכצן טיף אָפּ און זייערע אויגן וועלכע שיינען ווי די פייערדיקע קוילן אין אויוון זיינען ווידער פול געוואָרן מיט שאַטנס און גרוילן...

דער גרויסער פלאַם האָט זיך צוזאמענגעוויקלט און פאַרקראָכן אין די קוילן וועלכע האָבן געבליט מיט אַ ראָזאָווען קאָליר און האָבן געזונגען א שטילן געזאַנג, ווי אַ בינען־נעסט. די לינדזן אין טאָפּ האָבן זיך אויסגעקאָכט און יורגיס וואָס איז געווען פארנומען מיטן פארריכטן די חזירים־קאָרעטע, האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין געזעס, אַ נעם געטאָן דעם טאָפּ לינדזן, אים איבערגעגאָסן אין אַ גרויסער ליימענער שיסל און זי אוועקגעשטעלט אויפן טיש. איבער די לינדזן האָט זיך אויפגעהויבן אַ געדיכטער דאַמף ווי אַ וואָלקן און די קליינע קינדער האָבן געשטרעקט די הענטלעך אין דער זודיקער שיסל אריין, אָנגעהויפּט פולע הויפנס לינדזן און געשטופּט אין די הונגעריקע מיילכלעך.

דאָס קליינע פלעמל וואָס האָט געזויגן דאָס ליכט ווי אַ פּיאַווקע, האָט ביסלעכווייז אויסגעהויכט די נשמה. די קליינע קינדער, געפּאַנ־גען פונעם שלאָף, האָבן זיך געלייגט שלאָפן אין דער גרויסער משפּחה־בעט, אין דער זעלבער בעט וווּ עס האָט זיך געזעגנט מיטן לעבן זייער מוטער. דער אָנדענק פון זייער פאַרשטאָרבענער מוטער

האָט געמאַכט אויפֿציטערן די קליינע הערצלעך און זיי האָבן אָנגע־שפּאַנט זייערע אויערן און פֿאַרנומען דאָס געריי‬ד פֿון די שאָטנס וואָס האָבן זיי געבראַכט אַ גערוס פֿון זייער מוטער וואָס וווינט אין הימל. און צוליב דעם גרויסן שרעק וואָס לויערט אין די נעכט, האָבן זיי זיך באַהאַלטן אונטער דער דיקער דעקע און אַנפּאַרטרויט זייערע נשמות דעם מלאך פֿון שלאָף.

יורגיס איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב און זיין קערפּער האָט געציטערט ווי אַ פֿלאַם. ער האָט געגאַרט נאָך אַ פּרוי. אַלע זיינע גלידער זיינען געשוואָלן געוואָרן פֿון תאווה. יעדער בלוט־אָדער אין אים האָט געשריען אַזוינע שאַרפֿע געשרייען וועלכע האָבן זיך דער־גראָבן ביז צו די וואָרצלען פֿון דער שטילקייט. יורגיס האָט געפֿילט, אַז אין אים זאַמלען זיך אָן כוחות ווי תבואה אין אַ שייער האַרבסטצייט.

אַ קדחת־ציטער איז דורכגעלאָפֿן דורך אַלע זיינע גלידער. אין קליינעם הייזל האָט ער זיך קיין אָרט ניט געפֿונען. און ער האָט אַרויסגעטראָגן זיין גוף ווי אַ געשריי אין נאַכט־חלל. די גאַנצע געגנט איז געווען פֿאַרפֿלייצט מיט שניי‬ען. הונגעריק נאָך אַ פּרוי, איז יורגיס געלאָפֿן אין דאָרף, וואָס צייכנט זיך אויס מיט זיינע געזונטע, בלוט־פֿולע טעכטער.

דאָס דאָרף איז געלעגן זאַט מיט נאַכט און שטילקייט און זיך געדרעמלט זיין טיפֿן דרעמל. די דעכער פֿון די הייזער האָבן זיך געהויבן ווי פֿליגלען און פֿאַרהוילן אונטער זיך דאָס ביינאַכטיקע לעבן. יורגיס האָט אַרומגעשפּרייזט צווישן די הייזלעך פֿון דאָרף ווי אַ וואָלף צווישן שטאַלן פֿון לעמער. פּלוצלינג האָט זיין געהער פֿאַר־נומען דעם סקריפּ פֿון אַן אויפֿגעפּראַלטער טיר. פֿאַר איינעם פֿון די פּלויטן איז געשטאַנען אַ מיידל מיט אַ לאַמטערן אין האַנט. יורגיסעס אויגן האָבן געביסן דעם מיידלשן גוף. ער איז באַפֿאַלן די מיידל און זי אַ שליידער געטאָן אויפֿן שניי. יורגיס האָט געפֿילט אַז אַלע קוואַלן פֿון זיינע כוחות פּראַלן אויף...

אָבער די געשרייען פון ז'ער מיידל זיינען ארייגעפאַלן ווי דונערן אין די דרעמלענדיקע דאָרפישע הייזלעך. די פויערים האָבן זיך אייליק געהויבן פון די בעטן, געכאַפּט פלעקענער און ארויסגעלאָפן אין דער נאַכט אריין:

— פארטרייבט די חיה! זי צערייסט די מיידל, פארטרייבט זי...

— פארטרייבט זי! פארטרייבט זי...

— אָבער, ברידער, נישט קיין חיה, נאָר יורגיס דער שד פאַר־פייניקט אונדזער שוועסטער.

— אַ טויט יורגיסן! נעמט די שטעקנס! פארטרייבט אים אין טייך!

---

א קליינער אומעטיקער ווינטערטאָג. אַ קליינע, בלאַסע זון ווי אַ לבנה איז געלעגן אַ פארפראָרענע אין אַראָפּהאַנג פונעם הימל. יורגיסעס לוויה האָט זיך שטיל געצויגן איבערן קליינעם שטעג וואָס פירט צום בית־עולם. די קליינע יתומים זיינען נאָכגעגאַנגען נאָך דער טרונע און געקלאָגט אויפן קול. און יורקע האָט אונטערגעטאַנצט אויף זיינע באָרוועסע פיס, זיין קאָפּ איז געלאַפן פאָרויס ווי דער קאָפּ פון אַ צעיושעטן אָקס און האָט געשאָטן מיט וויסטע קללות, ווי מיט שווערע שטיינער.

# תבואה

די דיקע, אייזערנע שטאַבע האָט פּאַלנדיק אַ שטאַרקן קלימפּער געטאָן. און יוסף טאַץ, אַ לאַנגער ייִד פֿון אַ יאָר עטלעכע און פֿופֿציק מיט אַ גלאַט־ראַזירטן פּנים ווי ביי אַ גלח, האָט אויפֿגעפּראַלט אַ ברייטע, נידעריקע טיר, וואָס פֿירט אין דער קליינשטעטלדיקער גאַס אַרויס. די לאַנגע ווינטערנאַכט, האַלטנדיק אַצינד ביים אָפּ־לעבן אירע לעצטע מינוטן, איז שווערלייביק געלעגן איבער די דעכער פֿון די נידעריקע הייזער און אומעטיק אַרויסגעבליקט דורך די שמאָלע, אָפּענע פֿענצטערלעך פֿון די מאָסיווע תבואה־שפּייכלערס. און דער באַגינען, אַ שטילער, אַ פּראָסטיקער, וואָס איז מיט די כסדרדיקע קרייען פֿון די הענער אַלץ רייפֿער געוואָרן, איז אָנגעפֿאָרן פֿון דער ווייטקייט אויף די קליינע פּויערשע שליטנס, וואָס האָבן זיך מיט ראַשיקער געשווינדקייט געגליטשט אויף דעם גוטן אויסגעפֿאָרענעם וועג, וואָס גיסט זיך אין מאַרקפּלאַץ אַריין.

שטייענדיק אין קליינעם פֿירהויז, ווו אַלטע אויסגענוצטע פּסחדיקע וויין־פֿלעשער זיינען געלעגן אָנגעהויפֿנט לעבן אַן אַלטן רויטן אַלמער און צוויי גרויסע גלאַטע שטיינער זיינען געשלאָפֿן אין די ווינקלען — האָט זיך יוסף טאַץ דערפֿילט דערקוויקט. ער איז אַריינגעגאַנגען אין שטוב, אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם רויטלעכן שאָפֿענעם פּעלץ און אים געלאָזן פֿאַלן אויפֿן דיל, אָט סתם אַזוי, פֿון פֿוילקייט וועגן. שטייענדיק אַ באָרוועסער אין בלויזע העמד און גאַטקעס, האָט יוסף טאַץ פֿאַרריסן די הענט אין דער הייך, אויף די שפּיצן פֿון די פֿוספֿינגער זיך צום סופֿיט געצויגן, אַזוי ווי אַ געוויקס

צו דער זון, אויסגעווישט מיט די דלאָניעס די רעשטלעך שלאָף פון די אויגן און זיך צעגענעצט הויך, אויפן קול:

— איי, קאַלט, קאַלט!...

פון אַ ווייטלעכן ווינקלדיקן צימער אינעם הויז, האָט זיך דערהערט דער שטילער סקריפּ פון אַ בעט. אַ ווייבערש קול, דורכגעמישט מיט געגעץ, האָט זיך געטראָגן אין דער לופט, ארומגעבלאָנדזשעט אין דעם פינצטערניש פון די געקייטלטע חדרים און דערגרייכט יוספס אויערן:

— יאָסל יאָסל, גיי ניט ארום קיין נאַקעטער, ועסט זיך נאָך חלילה צוקילן.

יוסף האָט אויף פאָרויס געצויגן די הענט ווי פליגלען, זיך געלאָזט גיין מיט די באָרוועסע, שטילע טריט דורך די גראָ־פינצטערלעכע חדרים, וואָס זיינען ווי ליכטיקער געוואָרן צוליב זיין אין ווייסן איינ־געהילטן לייב.

אַז יוסף איז אריינגעקומען אין שלאָפצימער, האָט ער דערפילט דעם שווערן ריח פון איינגעוואַרעמטע, אויסגערוטע לייבער. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין אָנגעוואָרפענער בעט, צוגעדעקט די דורכגעקעלטערטע פיס מיט דער דיקער קאָלדרע און דורכגעלעכערט דעם באַגינענדיקן פינצטערניש מיט אַ שטאַרקן טעמפּן בליק. אין דער צווייטער בעט, קעגן איבער אים, איז געלעגן זיין ווייב, וועלכע האָט ערשט ניט לאַנג צוריק אויפגעוואַכט. זי האָט ארויסגעצויגן די הענט פון אונטער דער קאָלדרע ארויס, זיי פאַרריסן צום קאָפּ צו, געפּלאָנטערט די פינגער אין די צעשויבערטע גראָע האָר, געקראַצט דעם שאַרבן, אַז ער האָט אַזש געקנאַקט אונטער אירע פינגער און דאָס מויל האָט ניט אויפגעהערט צו וואַרפן וואַרעמע שטיקער גענעץ. דערפילנדיק מיט די נאַקעטע אָרעמס די בייסיקע קעלט פונעם צימער, האָט זי זיך צוזאַמענגעקאָרטשעט, זיך געגנורעט אונטער דער קאָלדרע ווי אַ שלאַנג אונטער מאָך און זיך געקלאָגט מיט אַ שלעפּערדיקער שטים:

— אַז ס׳ווילט זיך ליגן אין בעט, אַבי ניט צו האָבן צו טאָן מיט דער קעלט.

— נו — איז געגאַנגען יוספס קול ניט ווי פון אַ מענטשלעך מויל, נאָר ווי פון דעם בלאָסן פינצטערניש ארויס — נו, דו קענסט נאָך ליגן, דו האָסט זיך ניט וואָס צו איילן. דיינע „קליינע קינדער” וועלן זיך שוין אליין אָנטאָן!...

און מאַן און ווייב, וואָס האָבן אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, באַהאַלטן איינע פון די אַנדערע די נאַקעטקייט פון אייגענעם לייב, אזוי ווי מען באַהאַלט אַן אַנלאָקנדיקן סוד, האָבן זיך אַצינד געשטעלט איינע קעגן די אנדערע און געוויזן אָנטבלויזטע שטיקער גוף. דאָס לייב האָט שוין מער ניט גערופן, ניט אויפגעוועקט קיין ציטער אינעם בלוט, און יוספן זיינען אַנגעשוווּמען פאַר די אויגן טיפע, סודותפולע וועלדער, וואָס האָבן נאָך זייער אויסהאַקן איבערגעלאָזן נאַקעטע שטיקער לאַנד און אַ נאָגנדיקן ווייטיק אינעם הארצן...

יוסף האָט פון זיך געטריבן די נאַרישע געדאַנקען, געצויגן די הויזן־שלייקעס איבער די פלייצעס און ארייגעפירט דעם געשפּרעך אין די גרענעצן פון די טאָג־טעגלעכע ענינים:

— און דו טוסט זיך טאַקע אָן, פעשל? אויב אזוי, וועסטו מיר אזוי גוט זיין זאָגן, ווער האָט ביי דיר נעכטן גענומען מעל פון שפּייכלער?

— און מיט די גאָלד־אַרבעס האָסטו זיך, ווייזט אויס, צעקריגט? — האָט פעשלס לאַנגער, איינגעבויגענער גוף זיך נאָך מערער געצויגן אויף פאָרויס און אירע אויגן האָבן אויפגעלויכטן מיט אַ שאַרפן שמייכעלע — די ווייבער צעצוקערן ביי מיר די גאָלד־אַרבעס, און דו האָסט געמיינט אז זיי טויגן זיך שוין מער ניט ווי פאַר די ווערעם.

— עט — האָט יוספס רעכטע האַנט זיך ראַש אַ הויב געטאָן ווי אַ פויגלביים אַוועקפליען — עט, פון אזוינע טינוף מאַכט מען קיין געלט ניט. ס׳איז אַרויסגעוואָרפן די טירחה ביי אזוינע מיסחרים.

— איז אָט, וועל איך דיר טאַקע ווייזן, מיין מאַן — האָט פעשל

געצויגן די אייבערקלייד ווי אַ זאַק איבערן קאָפּ — אַט וועל איך דיר טאַקע ווייזן, אַז דיין ווייב איז ניט קיין שלימעזאַלניצע און קען פון די גאָלד־אַרבעס מאַכן גאָלדערנע געלט.

— אָ — האָט זיך יוספס לאַנגע שפּיציקע נאָז טיף איינגעקנייטשט און אַ הילכיקן נאָס געטאָן — אָ, פּוסטע דיבורים!

אַ שטילשווייגן, וואָס קומט מיט אַ פאַרטייעטן, פאַרעקשנטן כּעס, איז אויסגעוואַקסן צווישן מאַן און ווייב. די לאַדנס האָבן זיך מיט אַ קוויטש אויפגעפּראַלט. און אַ גראָ־שטילער, בלאַסער ווינטער־באַגינען, ווי אַ קראַנקע שלעפעריקע קאַץ, האָט מיט ווייכע טריטלעך אָנגעהויבן אַרומצוקריכן אין די אויפגעוואַכטע צימערן. פעשל איז געשטאַנען אָנגעטאָן אין אַ גראָ קראַטן־קלייד, וואָס האָט געהאַט אַ קליינעם בלויז ביים האַלדז; די שמאָלע, פאַרוועלקטע פיס, ווי די פיס פון אַ יונג ניט־דערוואַקסן מיידל, זיינען געווען אָנגעטאָן אין וואַרעמע, טוכענע שטעקשיך. און די פּאַסמעס גראָע האָר אויפן קאָפּ האָבן זיך געפּלאָנטערט איינע אין די אַנדערע ווי די צווייגן פון אַ ווילדן דערנער־קוסט און באַהאַלטן אין זיך די לעצטע איבערגעשראָקענע שאָטנס פון דער נאַכט...

פעשל האָט געשפּאַנט פון שלאָפצימער אין דער פּאָדערשטוב אַריין. דורכשפּרייזנדיק דעם זאַל, איז איר בליק געפאַלן אויפן גלעזערנעם בייכיקן בופעט, וואָס האָט אין זיינע איינגעשלאָסענע אינגעווייד באַהאַלטן אַ שטיק רייכקייט פון דער משפּחה. איינס נאָך איינס האָט זי אין איר געדאַנק אָפּגעוווגן דעם ווערט פון יעדן זילבערנעם טיי־לעפעלע באַזונדער. די שווערע זילבערנע זופּ־לעפל מיט צעצווייגטע מאָנאָגראַמען אויף די הענטלעך, ווי אויך די מאַסיווע, בליציקע „זאַלינגער״־מעסערס האָבן אין איר געוועקט אַ שטילע פרייד. די חמצדיקע און פּסחדיקע צוקער־פּושקעס, די זילבערנע לייכטער מיט אויסגעקלאַפּטע בוים־בלעטער און בלומען־קעפּ אויף די הויכע, ברייטע געשטעלן און צו לעצט די באַגולדעטע פּסחדיקע ווין־בעכער מיט אויסגעשניצטע, אַלטערטימלעכע שטעט

און טורעמלעך אויף זייערע רונדע בייכלעך — האָבן זיך געשטעלט פּאָר אירע אויגן ווי קליינע, סודותדיקע באַשעפעניש, וואָס היטן אין געהיים איין דעם וויל פון אַ גאַנצער שטוב מיט אַ זיידן און באָבן, טאַטע־מאַמע, אַ זון אין די שפּעטיקערע בחור־יאָרן און צוויי טעכטער וואָס וועלן שוין באַלד מן הסתם אויך אָנהייבן פירן אַן אייגענע וועלט...

טראַכטנדיק וועגן היפשן ביסל זילבערוואַרג, וואָס ליגט באַהאַלטן אין די געדערעם פון פאַרשלאָסענעם בופעט, האָט פעשל דערטאַפּט דעם בונט שליסלען וואָס ליגט אין אַ באַהאַלטענער קעשענע פון דער אונטערקלייד. אָנקוקנדיק די שטום דראָענדיקע, רויט־קאָלירטע טירן פון מאַסיוון שטיק מעבל, האָבן זיך אין אירע אויגן אויסגעוועפּט די לעצטע שפּורן פון חלומות און נאַכט, און איר בליק האָט באַקומען יענעם ניכטערן, האַרטן אויסדרוק פון באַלעבאָסטעס אין די איינגע־פונדעוועטע הייזער.

די דינסט, אַ קריסטין פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק מיט אַ רויטלעך־גראָען פּנים פון אַ בלינדן בעטלער און גרויסן שווערן גוף ווי אַן איבערגעוואַקסענער קירבעס, האָט געשפּאַנט פון דער קיך ארויס, געטראָגן אין די ברייטע, פון פּראַצע צעשפּאָלטענע מענער־הענט, אַ ניקלנעם סאַמאָוואַר, וואָס האָט ארום זיך געשפּרייט וואָלקנדלעך ווייסלעכן דאַמף און געברומט מיט אַ שטילן מאָנאָטאָ־נעם ניגון, ווי אַ קליינע אַרבעטנדיקע מאַשין.

די קריסטין האָט שווייגנדיק אַוועקגעשטעלט דעם סאַמאָוואַר אויף אַ ברייטן טיש, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווייטלעכן ווינקל פון פּאַדערשטוב. דאַן האָט זי אויפגעפּראַלט אַ ווייסע טיר, וואָס גיסט זיך מיט איר קאָליר צוזאַמען מיט דער ווייסקייט פון וואַנט, געפירט אירע גרויסע הענט איבער פּאָליצעס מיט בלישטשענדיקע טיי־גלעזער, וואָס האָבן ביי דער געמיינזאַמער באַרירונג זיך פונאַנדער־געקלונגען ווי גלעקלעך און ארויסגעבראַכט צאַרטע זילבערדיקע קלאַנגען, אויסזינגענדיק אַ לויבגעזאַנג דעם דינעם, פיין אויסגע־

אַרבעטן גלאָז זייערן. די בלישטשענדיקע טרוקענע טיי־גלעזער האָבן שטייענדיק אויפן טיש אָנגעהויבן זיך אדורכצווינקען מיטן שיינעם ניקלנעם סאַמאָוואַר, זיך געשיקט איינע די אנדערע בליציק־שיינענ־דיקע גרוסן, ארויסגעבראַכט פון זיך גאַנצע אוצרות שיין און בלענדנדיק ליכט, און די קליינע פיין־אויסגעשניצטע בלימעלעך אויף די גלעזער־ווענטלעך האָבן זיך פונאנדערגעבליט מיט אַ שלל רעגנ־בויגנדיקע קאָלירן, געשפריצט מיט שפּיציק דינע פייערדיקע שטראַלן ווי זמאַראַגדן. און דער טיש, איבערגעדעקט מיט אַ דיקן גראָען, פון היימישן געוועב אויסגעאַרבעטן טישטעך, האָט זיך פונאנדערגעשפּילט מיט אַ שטילן יום־טוב.

אין מערבדיקן ווינקל פון פאָדערשטוב, האַרט ביים גאָס־פענצטער, איז געשטאַנען אַן אלטער שרייבטיש. אַ פארצייטיקער הילצערנער טינטער, רונד און שווער ווי אַ קליינער מעטאלענער לייכטער, און אַ ווייסער ביינערנער האַלטער אין דער נאָנטקייט מיט די גרויסע, דיקע בוכהאלטעריע־ביכער, האָבן נאָך מער פארשטאַרקט דאָס געפיל פון אַלטקייט. יוסף טאַץ איז אריין אַן אָנגעטאָנענער און זיך אַוועק־געשטעלט האַרט לעבן שרייבטיש. מיט זיינע רויטלעך־ציכטיק אויס־געוואַשענע הענט האָט ער אַ הויב געטאָן די ביכער, ווי ער וואָלט אָפּגעמאָסטן זייער אייגנטלעכע וואָג, מיט שפּייעכץ איינגענעצטע שפּיץ פינגער געמישט די האַרטע בלעטער און זיינע קורצזיכטיקע אויגן זיינען געשפּרונגען פון שורה צו שורה:

— צוואַנציק זעק מעל איינס נאָל a, האָט גענומען ברוך קאַמניצקי, געגעבן אַ וועקסל אויף דריי חדשים.

— דריי צענטנער קלייען האָט גענומען דאָס פריצל פון טאָמאַשאָ־ווער הויף. באַצאָלט מיט באַרעס געלט.

און אזוי ווייטער.

יוסף טאַץ האָבן זיך די שורות אָנגעהויבן וויגן און פלאָנטערן פאר די אויגן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן די ברילן, ארויסגענומען פון דער אייבערשטער וועסטל־קעשענע אַ שוואַרצן קאַרטאָנענעם שיידל, וואָס

האָט ביי זיין אויפעפענען אַ הילכיקן קלונג געטאָן, ווי אַן אויס־געשאָסענע פלאַש ביר. פון דעם לעדערנעם קליינגעלט־בייטעלע האָט ער ארויסגעצויגן אַ דין זאַמשן־לעדערל און זיך האַסטיק גענומען אויסווישן די רונדע, דיקע ברילן־גלעזער.

— אַז אָן שפּאַקולן בין איך ווי אָן אַ האַנט — האָט ער זיך אין שטילן רוגז־טאָן געקלאָגט און פּאַרטשעפּעט די קליינע ברילן־האַלאָבליעס אָן די פליישיק־האָריקע אויערן.

— יאָסל, יאָסל — האָט די ווייב העכער געהויבן איר קול — גיי טרינקען טיי! דער סאַמאָוואַר גייט אויס מיט די כוחות צישנדיק און דו פאַרגעסט, ווייזט אויס, אַז דער טאָג שטייט ניט אויף איין אָרט, און איך האָב אויך אַנדערע אַרבעט.

יוסף טאָץ האָט זיך אַ שווייגנדיקער געהויבן פון זיין אָרט ביים שרייבטיש. אַ צוזאַמענגעבראָכענער, מיט אַן איינגעבויגענעם רוקן, ווי ער וואָלט שוין אויף זיך געטראָגן די פאַרהוילענע לאַסט פון אָנקומענדיקן טאָג, און מיט לאַנגע בושל־פּיס האָט ער געשפּאַנט איבער דער געראַמער, קאַלטלעכער פּאָדערשטוב. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער אַלטער, צעלעכערטער, צעראַטענער סאָפע, געהויבן די הענט איבערן קאָכעדיקן סאַמאָוואַר און זיי געטונקט אין די קליינע ווייסע דאַמף־וואָלקנדלעך, וואָס האָבן זיך געהויבן פון סאַמאָוואַר אַרויס און ניט געוואָרן אין חלל פונעם צימער.

— פעשל, האָסט אַ שטיקל האַרטן צוקער? — האָט ער ניט אויפגעהערט צו וואַרפן די הענט אין דעם זיך קנוילנדיקן, הייסן דאַמף.

די ווייב אין געשטאַנען אין קיך און געהאַלטן אין מאַכן אַ הון. ווי אַ חיה איבערן גוף פון איר געהרגעטן פאַנג האָט זי מיט אירע בלוטיקע הענט אָנגעהאַלטן די ווענטלעך פון דעם אויפגעשניטענעם בויך און זיך שטאַרק אָנגעשטרענגט אויפצופּראַלן די אינגעווייידן פונעם עוף. אויפרייסנדיק ענדלעך דאָס בייכל פון דער הון אויף צוויי גלייכע טיילן, האָט א שלאָג געטאָן א שטיקנדיקער, שווערער

ריח פון וואַרעמע צעפּרייטע געדערעם, און אַ פלאַנטער פון צעצווייגטע גראָ־ווייסע קישקעס, גלאַנציק־ברוינע לעבערלעך און געלכלעך פון נאָך ניט קיין רייף־געוואָרענע אייער, ווי קליינע רויטע פּרוכטן — האָט זיך געעפנט פאַרן אויג.

מיט שווערע, זיך שאַרנדיקע טריט, די בלוט־טריפנדיקע הענט צ׳יענדיק אויף פאָרויס, האָט פעשל אריינגעשפּאַנט אין פּאָדערשטוב. אַן אָנגעכמורעטע צוליב די לאַנגע פּאַסמעס האָר, וואָס פאַלן איר פון קאָפּ און לייגן זיך ווי שטיקלעך וואָלקן איבער די אויגן, האָט פעשל געשפּיגן הייסע כעסדיקע ווערטער דעם מאַן אין פּנים אריין:

— זע סאַראַ מענטש דו בינסט! דו ווייסט דען ניט, אַז צוקער האַלט איך אין בופעט. דו בינסט דאָך ניט קיין פאַרפעסטעטער בן־יחיד — האָט איר שטים באַקומען אַ ווייכערן קלאַנג — אַז איך זאָל דיר אַלץ דאַרפן אונטערטראָגן אונטער דער נאָז.

— דו מעגסט זיך ברוגזן, מיין ווייבל — האָבן יוספס שמייכלענ־דיקע אויגן, באַזוימט מיט קליינע קנייטשעלעך פון אַהינטער די ברילן־גלעזער, אויסגעזען ווי קליינע זונען מיט שפּיציקע שטראַלן — דו מעגסט זיך ברוגזן, ווייל פון דיין הון וועל איך דאָך אָט באַלד שטיין־רייך ווערן...

און מיט אַ האַסטיקער באַוועגונג, ווי דער שטאַרקער כעס וואָלט אים אַ הויב געטאָן פון אָרט, האָט ער ראַש געשפּאַנט צום בופעט נאָך דער צוקער־פּושקע.

יוסף טאָץ האָט אויסגעטאָן דעם ברוינעם פּילצענעם ווינטער־היטל, זיך געזעצט אויף דער לעכערדיקער צעראַטענער סאָפע און זיך גענומען צום טיי טרינקען. די טיי איז געווען קאָכעדיק און געביסן אינעם גאָרגל, און דערפאַר האָט יוסף געטרונקען מיט קליינע, פאַמעלעכע זופּן. אין דער רעכטער האַנט האָט ער געהאַלטן דאָס זיך דעמפנדיקע גלאָז און מיט דער דלאָניע פון דער לינקער האַנט האָט ער געגלעט דעם גלאַנציקן שאַרבן, וואָס איז געווען לאַנג און האַרט און אויסגעזען ווי אַן איבערגעוואַקסענער קירבעס. ער איז איבערן

גלאָז טיי געזעסן פאַרטיפט אזוי ווי מען זיצט איבער אַ ספר און זיין מוח האָט ניט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן קאָרן, וואָס זייער פרייז האַלט זיך אין איין וואַקלען.

די ברייטע דעמבענע טיר וואָס פירט אין פירהויז אריין, האָט זיך אויפגעפראַלט, און א יונגער לאַנגער פויער מיט שמאָלע בלאָנדע וואָנסעלעך און שפּיציק־שטעכעדיקע אויגן ווי ביי אַ קראָ, האָט מיט זיינע הויכע שטיוואַלעס און קלינגענדיקע אָפּצאַסן אריינגעשפּאַנט אין פאָדערשטוב אריין. דער ברייטער שאָפּענער פעלץ איז אויף אים געהאַנגען שווער ווי אַ שטיק קאָרע, און צווישן זיינע טיפע פאַלדן האָבן זיך באַהאַלטן צאַפּלדיקע שטיקלעך פראָסט. די וואַרעמע כוואַליעס, וואָס זיינען ארומגעשוועמען אינעם צימער, האָבן ארומ־געריגלט דעם קאַלטן פעלץ, זיך גענורעט אין זיינע פאַלדן, זיי באַשמעקט ווי אַ הונט באַשמעקט א שטיק געפונענעם פלייש און אויפגעפרעסן די לעבעדיקע ווינטיקע פראָסט־שפּליטערן.

שטום און שווער, ווי אַ פאַרוואַרלאָזטער פויגל־שרעקער אויף די ווינטערדיקע שנייאיקע פעלדער, מיט שווערע אַראָפּהענגענדיקע הענט ווי ביי אַ בער, איז דער יונגער פויער געשטאַנען ביים אריינ־גאַנג פון שטוב. צוליב כבוד וועגן האָט ער געוואַרט יוסף טאַץ זאָל אָנהייבן דעם געשפּרעך.

— וואָס ווּעסטו זאָגן גוטס! — האָט יוסף ניט אויפגעהויבן די אויגן פון דעם גלאָז טיי.

— איך קום פון ווייט, פון א הינטער דעם דערפל סקאַרולעווקע — האָט דער פויער אַ הויב געטאָן זיין שווערע שוואַרצע האַנט, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ שטיק זומפּיקע ערד — איך בין געקומען קויפן אַ פּאָר פוד ווייצענע מעל.

— און פראָסט איז דאָ? — האָט אים יוסף אָפּגעענטפערט מיט אַ זייטיקער פראַגע און דורך די ברילן אריינגעקוקט אין דעם גלאָז טיי אריין.

— אוי, ס'איז דאָ! — האָט אין פויערס רייד געקלונגען דאָס וואָיען

פון אַ וואָלף — די ביימער־שטאַמען אין די וועלדער קרעכצן און פלאַצן מיט אַ טראַסקעריי, אַזש די מיתה משונה כאַפּט זיי.

— איז ווילסטו טאַקע ווייצענע מעל — האָט זיך יוסף טאַץ גע־ווּיצלט איבערן נישטיקן מיסחר, וואָס ער וועט דאָ באלד פאַרפירן מיטן יונגן פויערל, און אַנגעטאָן דאָס היטל.

— וואָס זאָל מען טאָן ? — זיינען דעם פויערס קליינע אייגעלעך נאָך קלענער געוואָרן צוליב דעם פאַרטייעטן שמייכל, וואָס איז אַרומגעשוווּמען צווישן די קנייטשן פון זיין פּנים — וואָס זאָל מען טאָן, ד'ער מאָגן איז אַ חיה אַזאַ, וואָס מען מוז זי קאָרמענען, אז ניט רייסט ער זיך אָפּ ווי אַ הונט פון קייט און...

— קום — האָט יוסף אָפּגעהאַקט דעם פויער אין מיטן די רייד — קום, לאָמיר גיין !

יוסף האָט זיך אָנגעטאָן אַ קורצן מאַנטל, וואָס האָט אים דער־גרייכט ביז צו די קני, און אַראָפּגענומען פון לאַנגן דיקן טשוואָק, וואָס איז געווען אריינגעשלאָגן אין אושאַק פון טיר וואָס פירט אין זאַל אריין, אַ בונט האַמעטענע שווערע שליסלען. טראַגנדיק זיי, האָבן זיך די שליסלען אָנגעשלאָגן איינע אָן די אַנדערע, זיך צעקלונגען און צעשריען מיט אזוינע הילכיקע קולות, אזוי ווי די שטיקער אויסגעאַרבעטע ווייסע אייזן וואָלטן אין זיך געהאַט בייז, קריגעריש בלוט.

די ברייטע, אין מעל־שטויב איינגעהילטע שפּייכלער־טירן האָבן זיך געעפנט שווער, מיט אַ פאַרטייעטן ברומען, ווי די טויערן פון אַ קליינער פעסטונג. אינעם פינצטערן חלל פון שפּייכלער האָט זיך דער טאָג אריינגעגאָסן מיט שטראָמיקן רעש, ווי אַ טייך. דאָס קליינע מילכל, וואָס מאָלט ארבעס און האָבער־גרויפּן, מיט די פונאנדער־געעפנטע פליגל האָט אויסגעקוקט ווי אַן אויסטערלישער פויגל, וואָס איז אין מיטן פליען פאַרשטאַרט געוואָרן. און די לעצטע פאַרחלשטע שטיקער נאַכט, האָבן זיך געטוליעט אין די ווייטע, פינצטערע ווינק־

לען פון שפּייכלער, צוזאַמען מיט די מייז פאַרקראָכן אין די טיפע, ברייטע לעכער פונעם הילצערנעם פאַרפוילטן דיל.

די גרויסע הויפנס פון כלערלייאיקע מינים תבואה האָבן זיך ווי קליינע היגלען געהויבן איבערן גאַנצן שטח פון דער שפּייכלער־פאָדלאָגע. אין אַ שמאָלער סטעזשקע, וואָס פירט צווישן קופּעס ברוינעם זוימען, געלן אַרבעס, גראָען קאָרן, האָט יוסף ארומגעשפּאַנט ביז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי א גרויסער מאַסע פון אָנגעוואָר־פענע זעק, וואָס זיינען געלעגן שטום און שווער ווי פגירות פון געהרגעטע חיות. ארומטאַפּנדיק אַ פולן זאַק ווייצענער מעל, אזוי ווי מען באַטאַפּט אַ פעטן, אָפּגעקאָרמעטן לאָם, האָט יוסף טאָן זיך אויסגעדרייט מיטן פנים צום ליכט, וואָס הויערט איבערן ארויסגאַנג, און אַ ווינק געטאָן צום פויער מיטן מיטלסטן, אין ווייסער מעל איינגעפלעקטן פינגער פון דער רעכטער האַנט:

— פאַנאַס, קום אַהער, נאַ דיר מעל!

דער פויער האָט זיך אַ רוק געטאָן פון דער אָפענער ליכטיקער טיר און אָנגעהויבן שפּאַנען און אריינדרינגען אין דער בלאַסן פינצטערניש פון וויטלעכן שפּייכלער־ווינקל, ווו עס ליגן די זעק מעל. שפּאַנענדיק צווישן די בערגלעך פאַרשיידנערלייאיקע מינים תבואה, וואָס האָבן געאָטעמט מיט פעטע, שטאַרקע ריחות, ווי אַ געדיכטע פּאַרע, האָבן זיך ביים פויער שטאַרק צעשפּרייט די נאָז־פליגל, ווי אַ יונגער אָגער, וואָס דערשמעקט אין דער נאָנטקייט אַ קליאַטשע, און מיט גאָר זיינע כוחות א הויב געטאָן אַ שווערן זאַק מעל, לייכט אדורכגעטראָגן אים דורך דער לענג פון שפּייכלער און אים אריינגעוואָרפן אין אַ קליינעם פויערשן פורל, וואָס האָט אַ שווערן קרעכץ געטאָן אונטערן יאָך פון דער פלוצלינג אָנגע־וואָרפענער משא.

דער פויער האָט זיך ארויפגעזעצט אויפן זאַק מעל, די לאנגע באַשטיוולטע פיס געלאָזט הענגען איבערן ראַנד פון וועגל און טיף אריבערציענדיק דאָס פעלצענע היטל איבער די אויערן, האָט ער

אַ צי געטאָן די לייצעס, אויסגעצויגן די פּאַרטריקנטע האַרטע ליפּן און אַרויסגעזייט פון צווישן די ציין:

— נ־נ־נ־אָ!

דאָס קליינע דאַרפישע פערדל מיט שפּיציקע, ציטערנדיקע אויערן, ווי ביי אַן אייזל, האָט זיך אַ שטאַרקן צי געטאָן, פאַרריסן דעם קאָפּ און האַפּטיק אָנגעשפּאַרט די הינטערשטע פיס אז זיי זיינען אַזש דינער געוואָרן. ווען דאָס פורל האָט זיך אַריס געטאָן פון אָרט, האָט דער פויער אויסגעשריען הויך אויפן קול, און קנוילן אַרויס־געוואָרפענע פאַרע האָבן באַגלייט די ווערטער:

— סודיעו *, דאָס געלט וועל איך אָפּגעבן, אָפּגעבן.

— סודיעו — האָט יוסף טאַץ אָפּגעענטפערט, שטייענדיק אָנגע־שפּאַרט אָן אושאַק פון שפּייכלער.

אַ סטאַיע קליינע סאַרע פייגעלעך מיט ווינטישן אומרו אין די צאַפּלדיקע פליגעלעך, זיינען געוועזן אויסגעזעצט אויף די קנאַכנדיקע שווארצע צווייגן פון קרומען בוים, וואָס איז געוואַקסן ביים ראַנד פונעם שפּייכלער. שטום ווי גרויסע קנאָספּן זיינען די פייגעלעך געזעסן איבער די לאַנגע, פינצטערע צווייגן. אויפגעלייגט צוליב דעם פּראַקטיקן פרימאָרגן, וואָס זאָגט אָן אַ גוטן שנייוועג פון די דערפער, איז יוסף טאַץ אַריינגעגאַנגען אין שפּייכלער, אָנגעשעפּט אַ פולע דלאָניע מיט ווייץ־קערנער, און שטייענדיק אויפן שוועל פון שפּייכ־לער האָט ער ווי אַ פויער ביי זריעה אַ שליידער געטאָן זיין האַנט און אויסגעליידיקט די שפּעדיקע דלאָניע.

ווי אַ טונקעלע געדיכטע רעגן־נעץ האָבן אַ שווינדל געטאָן פאַר יוספס אויגן די פאַלנדיקע קערנער. מיט אַ האַפּטיקער געשווינדקייט האָבן זיך אַלע פייגעלעך אָפּגעריסן פון די צווייגן, זיך געוואָרפן אויפן מיט קערנער באַפלעקטן שניי מיט דער פלוצלינגדיקייט פון פאַלנדיקע שטיינער, און זייערע קליינע, לעבעדיקע פליגעלעך האָבן ביז אויפגעהערט צאַפּלען ווי וויברירנדיקע סטרונעס. יוסף האָט

* אַ גוטן טאָג, ליטוויש.

אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ צום דיל פון שפּייכלער, מיט צוויי פינגער, ווי מיט א צווענגל, פאַרקוועטשט די נאָז־פּליגל און הילכיק אויס־געשנייצט די נאָז. קוקנדיק אויף דער רירעוודיקער סטאַיע פייגעלעך, האָט ער מיט א ברייטער פּרעס־ווייסער טאַשנטוך געריייניקט די נאָזלעכער, און זיינע דיקע רונדע בריל־גלעזער האָבן אויפגעשיינט מיט א גוטמוטיקן שמייכל וואָס איז געקוואָלן פון זיינע אויגן־טיפענישן ארויס.

— אַ וועלט מיט וועלטעלעך — האָט ער פריידיק געטראַכט און אויפגעכאַפּט דעם מינדסטן צאַפּל פון די פויגלשע ברואימלעך.

קיוול, אַ געזעצטער ברייטבייניקער מאַן אין די יאָרן פון ערב פערציק מיט אַן אייביק ניט־ארומגעגאָלטן שטעכיק־שוואַרצן קין, מיט אַ ברייטן חיהשן מויל און דינע פאַרשלאָסענע ליפּן, וואָס האָבן צוגעגעבן דעם פּנים דאָס טעמפּע עקשנות פון אַ וואלד־גזלן, האָט אין זיין לאַנגן שאָפּענעם פּעלץ, ווי אַ ווייבערשע קרינאָלינע, געשפּאַנט צום שפּייכלער צו. זיך אָפּשטעלנדיק האַרט ביים שפּייכלער האָט ער פונאַנדערגעשפּרייט די פיס, אריינגעשטעקט די הענט אין די זייטיקע קעשענעס פון דעם פּעלץ און שקאַצעוואַטע קוקנדיק יוספן אין די אויגן אריין, האָט ער אויסגעשריען הויך אויפן קול:

— פּע, יוסף טאַץ — האָט ער ארויסגעצויגן זיינע מגושמדיקע ברודיקע הענט פון די קעשענעס און זיי געוואָרפן אויף פאַרויס — ווי פּאַסט עס פאר אייך, אַן עלטערער ייד וואָס האָט שוין געדאַרפט האָבן אייניקלעך, נעמט זיך גאָר שפּילן מיט פייגעלעך...

— זיי ניט קיין נאַר — האָט יוסף טאַץ ווידער אַמאָל פאַרקוועטשט די נאָז־פּליגל מיט צוויי לאַנגע פינגער, ווי מיט אַ צווענגל, און אַ שנייץ געטאָן — זיי ניט קיין נאַר, דאָס איז דאָך א שיינע זאַך!

— וואָס שיינע זאַך, ווען שיינע זאַך? — האָט אין קיוולס רייד געקלונגען געלעכטער און נצחון צוזאמענגענומען — איך זע שוין אז אויף דער עלטער ווערן אפילו די קלוגע יוסף טאַצ׳ס אויך עובר בטל...

און ביטולדיק אַ מאַך טוענדיק מיט דער רעכטער האַנט האָט קיוול אוועקגעשפּאַנט מיט דער לאַנגער שאָסיי־גאַס, וואָס גיסט זיך אין איר ענד צוזאַמען מיט די פעלדער.

די קליינע גראָע פייגעלעך האָבן פון קיין רו ניט געוווּסט. זעענדיק פאַר זיך אַ שלל פון גרויסע טרוקענע ווייצעלעך, האָט זיי באַנומען אַ פאַרשיכּורנדיקע פרייד, און דריבנע אונטערטאַנצנדיק אויף די קליינע לאַפּקעלעך האָבן זיי זיך אַלע געדרייט אין אַ קאַראַהאָד, אין אַלע זייטן געוואָרפן די קעפּעלעך, אָן אויפהער געשלונגען די ווייץ־קערנער און די חנוודיקע געלע שנעבעלעך האָבן ניט אויפגעהערט צו צעשיטן שפּליטערלעך פון טשוויטשערנדיקע, זינגעוודיקע קלאַנ־גען. און מיטן אומרויקן צאַפּל פון זייערע גופימלעך האָבן די פייגע־לעך אויסגעזען ווי לעבעדיקע שטיקלעך ווינט, געלאָזט צו וויסן אַז זיי זיינען לייבלעכע קינדער פון ווייטן, פרייען פעלד...

יוסף טאַץ האָט פאַרמאַכט די שפּייכלער־טירן, וועלכע זיינען געווען באַצויגן מיט אַ האַרטער הויט פון רויטן זשאַווערדיקן בלעך. פאַרשליסנדיק האָבן זיך די גרויסע מאַסיווע אייזערנע שליסלען צעקוויטשעט מיט פאַרשטיקטע טעמפּע קולות, וואָס האָבן זיך אריינ־געשניטן אין שטילן, ווינטערדיקן פרימאָרגן אריין און פאַרשפּרייט די ידיעה וועגן ערשטן געשעפטל וואָס יוסף טאַץ האָט געמאַכט.

אריינקומענדיק אין שטוב, האָט שוין טאַץ געפונען די גאַנצע משפּחה אויף די פיס. דער עלטסטער זון, אַן עלטערער בחור מיט לאַנגע פיס אין גלאַנצנדיקע ארומגעפּוצטע שטיוול, אָן אַ רעקל אויף די שמאָלע פּלייצעס, האָט ארומגעשפּאַנט מיט גרויסע טריט איבער דער פאָדערשטוב. ער האָט ניט אויפגעהערט צו גענעצן און מיט יעדן ברייטן, פולן גענעץ האָט ער ארויסגעוואָרפן די פאַרוואַל־גערטע רעשטלעך שלאָף פון גוף.

ניט געפינענדיק קיין ארבעט מיט וואָס אויסצופילן די פריאיקע שעהן פון פרימאָרגן, איז ער ארויסגעגאַנגען אין פירהויז, צוזאַמענ־געקליבן שטיקער אלטן, פאַרשטויבטן גלאָז און מיט אַ פאַרראָסטן

גרויסן האַמער עס צעפּיצלט אויף קליינע שפּליטערן. דאַן האָט ער זיי אָנגעהויפנט פולע הופנס, אַריינגעשפּאַנט אין פּאַדערשטוב, זיך אויסגעצויגן ווי אַ חיה אויף אַלע פיר און געשטאָפּט דעם שאַרפן גלאָז אין די פון מייז אויסגעגריזשעטע לעכער אין ראַנד פון דער פּאַדלאָגע. ליגנדיק אַן אויסגעצויגענער איבערן דיל, האָט איבער זיין צונויפגעקנוילטן גוף געהויערט די עלנט פון אַן עלטערן בחור, וואָס לעבט נאָך אונטער טאַטע־מאַמעס פליגלען און וויל ניט, אָדער קען ניט אויפפּראַלן דעם קוואַל פון די אייגענע כוחות און בויען אַ משפחה און אַ היים אויף דעם אייגענעם אחריות.

פעשל איז געשטאַנען ביים איינגעהייצטן אויוון און זיך געוואָרעמט. זעענדיק איר משהן, דעם בכור, ליגנדיק איבער די מייזלעכער און האָרעוועענדיק איבער גאָלע נאַרישקייטן, האָט זיך אין איר אָנגעהויבן ווערקן איר אַלטע אומצופרידנקייט צוליב דעם, וואָס איר זון שטופּט עקשנותדיק אָפּ אַלע רייכע, גוטע שידוכים.

— משה, משה, — האָט זיך איר שטים געצויגן ווי דאָס פולע קוואָקטשען פון אַ הון מיטן טאָגס פאַרגיין — משה, די לעכער וועלן ניט אַנטלויפן, גיי טרינקען טיי. דער סאַמאָוואַר גייט אויס.

— פעשל, פעשל — האָט דער זון ברוגזדיק גערופן די מאַמען ביים נאָמען און זיין שטים איז געגאַנגען ניט ווי פון זיין מויל, נאָר ווי פון די מייזלעכער אַרויס — פעשל, באַרויק זיך דאָרטן. דער סאַמאָוואַר וועט אויך נישט אַנטלויפן...

— היינט וואָס זאָל איך מיט דיר ריידן — האָט פעשל געוויקלט די הענט איינע אין די אַנדערע — מיט דיר צו ריידן דאַרף מען דאָך האָבן אַן אייזערן האַרץ. דיין אַלטע עקשנות איז דאָך שוין מיר פון לאַנג באַקאַנט.

משה האָט זיך אויפגעהויבן פון דיל, געקלאַפּט מיט די ברייטע, האַרטע דלאָניעס איבער די הויזן, וואָס האָבן פון זיך אַרויסגעהויכט אַ געדיכטן זייל שטויב ווי אַ רויך. פּאַטשנדיק, האָט משה דערפילט

דעם אָפּגעפּאַשעטן אָנגעדראָלענעם לייב זיינעם, וואָס טראָגט אין זיך אַ טיף באַהאַלטן פייער פון אַ רייפן מאַן.

ער האָט שנעל אויף זיך ארויפגעוואָרפן דעם שוואַרצן פאַרשמאָל־צענעם אַרבעטס־רעקל און זיך געזעצט צום טיש טרינקען טיי. זופּנדיק לאַנגזאַם די לוילעכע אבער צו גלייך אויך שטאַרקע טיי, האָט משה ארויסגעצויגן די וואַטע פון לינקן, צוגעקילטן אויער, מיט די גרויסע אומעטיקע אויגן זאָרגעוודיק באַקוקט דעם געלן וואַקס־פלעק וואָס איז אָנגעוואַקסן אויף דער וואַטע, און צומאַכנדיק די אויגן, ארייגערוקט דאָס קליינע פינגערל פון דער לינקער האַנט אין די טיפענישן פון אויער און אים באַוועגט ווי אַ קליינעם עקבער.

ארויסציִענדיק דעם פינגער, האָט ער ווידער אַמאָל באַקוקט דאָס קליינע שטיקעלע געלן וואַקס, וואָס איז געווען צוגעקלעפּט צום שפּיץ נאָגל, גוט נאָכגעפאָרשט צי עס באַווייזט זיך ניט קיין מאַטע־ריע־פּליסיקייט אינעם וואַקס און דעם שמוציקן פינגער אָפּגעווישט אָן די כאָליעוועס פון די שטיוול.

און אזוי ווי מען גיסט פאר איין מאָל אַ שאַרפן געטראַנק אין גאָרגל אריין, אזוי האָט משה ארייגעזופּט דעם רעשט קאַלטער טיי פון גלאָז.

אַ דערציטערטער פון פראָסטיקן פרימאָרגן, האָט יוסף טאַץ אריינ־געשפּאַנט אין שטוב. אונטערטאַנצנדיק אויף די שווערע, האַמעטנע פיס פון אַן עלטערן מענטשן, האָט ער אַראָפּגענומען די פון פראָסט פארהויכטע ברילן פון די אויגן, זיי אויסגעווישט מיט די פּאָלעס פון דעם פארקנעפּלטן, קורצן אייבער־מאַנטל און גערעדט מיט אַ הייזעריקלעכער שטים:

— דו ווייסט, משה, מען דאַרף צוגיין אויפן מאַרק און אָפּנעמען ביי קלימאָסן דאָס געלט פאר די וויקע. אַ פארעלטערטער חוב איז ביי אַ פויער אזוי שווער ארויסצוציען, ווי אַ פערד וואָס איז פאַר־קראָכן אין אַ פרילינגדיקער בלאָטע.

— גוט — האָט משה געקוקט שטאַר מיט זיינע שפּיציקע אומע־

טיקע אויגן אויף דער קעגנאיבערדיקער וואַנט — גוט, איך וועל גלייך צוגיין.

משה האָט אויף זיך ארויפגעצויגן דעם שוואַרצן מאַנטל. ער האָט אויפגעהויבן דעם גלאַנציקן, באַראַשקענעם קראַגן וואָס האָט באַהאַלטן דעם רונדיקן, גוידערדיקן קין און א טייל פון דער שפּי־ציקער, שארפער נאָז, וואָס האָט זיך אַרויסגעשניטן פונעם פולן פּנים ווי דער שנאָבל פון אַ קראָ. כדי זיך בעסער צו באַוואָרענען פון פראָסט האָט ער ארום דעם אויפגעשטעלטן באַראַשקענעם קאָלנער ארומגעוויקלט אַ גרינע וואָלענע שאַל, אַראָפּגעקאַשערט די פוטערנע אויערן פון דער לעדערנער, ברייטער ווינטער־קוטשמע, אָנגעטאָן אויף די שטיוול אַ פּאָר גלאַנציק־נייע קאַלאָשן, האָט ער זיך מיט אַ לייכטן וווילינוגערישן שפּאַציר־שטעקל אין דער האַנט געלאָזט שפּאַנען אין דער ריכטונג פון מאַרקפּלאַץ.

מיטן טאָגס רייפער ווערן איז דער פראָסט אַלץ מערער און מערער געוואַקסן. די גרויסע, פייערדיקע זון האָט געקלעטערט אויפן האָריזאָנט־אַראָפּהאַנג, דערגרייכט די פּרייע, ברייטע פעלדער פון מיטן־הימל און געלעקט די פּאַרפראָרענע ווייסע ערד מיט פייער־צונגען. דער האַרטער שניי האָט אונטער די שטראַלן פון דער זון זיך פונאנדערגעבליט, אָנגעהויבן שפּריצן מיט ברענענדיקע פונקען און מיטן באַריר פון יעדן טראָט אויף זיין נאַקעטן לייב, האָט ער טיף געברומט און געקריצט מיט די ציין ווי אַ הונגעריקער וואָלף.

משה איז אָנגעקומען אויפן גרויסן מאַרקפּלאַץ, וואָס האָט זיך וויט און ברייט געשפּרייט ביים ראַנד פון שאָסיי, דאָרטן ווו די לעצטע שטוב פון שטעטל שיקט איר שטומען גרוס צו די פרייע, וויטע פעלדער. אַ רעשדיקער, קנויליקער פּלאָנטער פון כלערלייאיקע קולות האָט זיך געוויקלט ארום זיינע אויערן. פערד האָבן געהיר־זשעט, חזירים האָבן געגרעוועט, מענטשן האָבן געשריען, הענער האָבן געקרייט, הינט האָבן געהאַווקעט און שעפּסן האָבן אומעטיק געמעקעט. משה האָט זיך אריינגעשפּאַרט צווישן די סקריפּנדיקע

פויערשע פורלעך, וועלכע האָבן זיך אלע געדרייט אין אַ שטייגנדיקן ווירוואַר, ווי שטראָמען פון אַ קעסלגרוב אין אַ טיפער אָזערע. פויערטעס אָנגעפּעלצטע אין שאָפענע פּעלצן און איינגעהילטע אין פּאַטשיילעס, מיט פראָסט און בלוט אין די פולע באַקן, האָבן געהויבן אָנטקעגן דער שיינענדיקער זון ווייסע, לאַנגע שמאנט־קעז, וואָס האָבן אויסגעזען ווי שטיקער פאַרהאַרטעוועטער שניי. אַן עלטערער פויער מיט ווייסע, האַרט־פאַרפראָרענע וואָנסן איז געזעסן אויפן ראַנד פון זיין וואָגן, געגעסן פעטע, ווייסלעכע שינקע, פאַרביסן מיט האַרטן שוואַרץ־פינצטערן ברויט ווי פייכט־פרילינגדיקע ערד, פאַר־טרונקען פון אַ גרויסער פלאַש מיט בראָנפן, און די לעמער וואָס זיינען אויף אַ שטרוי־געבעט געלעגן צוזאַמענגעקנוילט אין וואָגן, האָבן געצויגן די העלדזער, ניט אויפגעהערט צו מעקענען, געציי־טערט מיט גאַנצן לייב, ווי אַ ווינט וואָלט ארומגעלאָפן צווישן די קליינע קוסטעס פון גראָען אָנגעוואָקסענעם וואָל אויף זייער פעל. און אין די אויגן זייערע, צערפולע, שטילע, האָט ארומגעבלאָנדזשעט דער מעלאַנכאָלישער פאַרנאַכט אויף די פאַראייַנזאַמטע ווייטע לאַנקעס.

משה האָט ארומגעשפּאַנט צווישן די שמאָלע דורכגאַנגען, וואָס פירן פון איין פור צו דער אַנדערער און ארומגעזוכט דעם פויער קלימאַסן. די שפע פון גרויסן מאַרק האָט אים פאַרכאַפּט. פולע זעק ווייץ, קאָרן, האָבער, געלער און גראָער אַרבעס, קלעוועט און זוימען זיינען געשטאַנען מיט אָפענע מיילער אַנטקעגן דעם ליכטיקן הימל, און די זון אַ פריידיקע, אַ לאַכנדיקע איז ארומגעגאַנגען צווישן די פורן, גענישטערט מיט ליכטיקע פינגער אין די פולע אָפענע זעק און צופרידן געוועזן פון די פאַרשיידנערלייאיקע רייכע אוצרות, וואָס זי האָט ארויסגערופן פון דער ערד.

אויף אַ ליידיקן אָרט, באַשאָטן מיט וואַרעמען, זיך רייכערנדיקן טונקל־געלן פערדישן מיסט און ארומגערינגלט מיט אַ וואגט פון פורן, איז געזעסן אַ בעטלער מיט אָפגעליימטע, טויטע פיס און גע־

שפּילט אויף אַ האַרמאָניק. זיין גרויסער שטאַמיקער גוף איז געווען אַרומגעוויקלט מיט אַ שלל צאַפּלדיקע שמאַטקעס, וואָס האָבן אין ווינט געפּלאַטערט ארום זיין גוף ווי פּלאַטערלעך. ער איז געזעסן אויף אַ פּלאַטשיקן נידעריקן שטיין און זיינע פיס אָנגעטאָן אין לאַפּטשעס, אויסגעארבעטע פון בוימערשע קאָרע, האָבן זיך געוואַל־גערט אין ברודיק־צעגאַנגענעם שניי. באַוועגנדיק מיט די אָנגע־שוואָלענע, רויטע הענט, גלאָצנדיק מיט די אויגן צום הימל, דאַן ווען זיין חרוב אָן־ציינערדיק מויל בלעקעכצט און זינגט אַלט־פאַרגעסענע לוויה־לידער, האָט ער אויסגעזען ווי אַ פּראַש וואָס ווייקט זיך און קרעכצט אין אַ זומפּיקער בלאָטע.

אַ ציגיינערל, קליין און רירעוודיק ווי אַ קוים־דערוואַקסן יינגל מיט כיטרער געשייטקייט אין די צאַפּלדיקע הענט און פיס, די פּאַס־מעס פעך־שוואַרצע האָר פון דער צעשויבערטער טשופּרינע ווי פאַרגליווערטע נאַכטיקע שאָטנס, איז ארומגעלאָפן איבער אַ פּרייען, זייטיקן פּלאַץ אויפן מאַרק, און זיינע רויטע, ברייטע הויזן אריינ־געשטעקט אין די כאַליעוועס פון שיינע גלאַנציקע שטיוועלעך האָבן טיף געאָטעמט, זיך געהויבן ארויף און אַראָפּ ווי א בלאָז־זאַק אין אַ קוזניע. האלטנדיק א קייט אין דער האַנט האָט ער געיאָגט איבערן סקריפּענדיקן שניי, און אַ יונגער ברייטלייביקער אָגער מיט אַ גלאַנציק־ברוינער פעל אויפן פולן אָפּגעקאָרמעטן לייב און פאַר־פלאָנטערטע פּאַסמעס זון אין דער פּלאַטערנדיקער גריווע איז נאָכגעלאָפן אין זיינע פוסטריט.

דאָס ציגיינערל איז צווישן די פויערים געווען וווּיל באַקאַנט פון די פריערדיקע מערק און יאַרידן. פאַרמאָגנדיק אַ יונגן אָגער פון ריינעם ראַסיקן בלוט, פלעגט ער שטענדיק סוף ווינטער קומען אויף די גרויסע מערק בכדי צוזאַמענצופּאָרן זיין גוטן אָגער מיט די פויערשע קליאַטשעס. אַלס לוין פלעגט ער באַקומען אַ צענדליק אייער, אַ יונגן חזירל, עטלעכע פעקלעך אויסגעאַרבעטן וואָל אָדער צו מאָל אויך פולע הויפנס לאַנגע זיסע קאָנפעקטן איינגעהילט אין

פילקאָליריקע גלאַנציקע מענטעלעך און באַפּוצט מיט לאַנגע פּרענדז ביי ביידע ברעגעס.

דאָס ציגיינערל איז ווי אַ רוח געלאָפן איבערן באַזוניקטן שניי און געצויגן דעם אָגער פאר דער קלינגענדיקער, גלאַנציקער קייט. דער לאַנגער שיינער קאָפּ פאַרריסן צום הימל, האָט דער אָגער אין געשווינדן געלאַף קוים אָנגערירט מיט די קאָפּיטעס דעם שניי, פון אַ ווייטן מאַרק־ווינקל, פון צווישן די פורן ארויס איז אויס־געוואַקסן אַ פויער, וועלכער איז געלאָפן אַנטקעגן דעם ציגיינערל; זיין לאַנגע בייטש האָט שאַרף געשווישטשעט אין דער לופטן און כסדר זיך אַראָפּגעלאָזן אויף די ווייכע באַוועגלעכע היפטן פון אַ נידעריקער סיווער קליאַטשע. דערפילנדיק אַ שניידיקן ווייטיק איבערן לייב, האָט זיך די קליאַטשע געשטעלט דיבאָם, אויסגעצויגן דעם גוף און ווי נאָכיאָגנדיק די ווינטן, זיך געשווינד געלאָזט לויפן אַנטקעגן דעם אָגער. דער אָגער דערזעענדיק אין דער נאָענטקייט די קליאַטשע, האָט זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט, אויפגעפּראַלט טיפע פינצטערע נאָזלעכער און אין די אויגן זיינע, שוואַרצע און גרויסע, איז געשטאַנען די שאַרפקייט פון אַ חלף. די היפטן האָבן זיך ביי אים ראָש געהויבן ארויף און אַראָפּ, און הירזשערייען הילכיקע ווי קליינע דונערן, פול מיט חיהשער תאווה, האָבן זיך געריסן פון שוימיקן פערדישן מויל ארויס, פון די פאַרלאָפּענע שיכורע אויגן, פון די אומרויקע נאָזלעכער, פון דעם בערגלדיקן ראָש־אָטעמענדיקן בויך.

די קליאַטשע, אַ דערשראָקענע פון די הייסע תאווה־כוואַליעס, וואָס האָבן זי ארומגערינגלט פון אלע זייטן אזוי ווי אַ שרפה כאַפּט ארום אַ וואַלד, האָט אנגעהויבן וואַרפן מיטן קאָפּ ארויף און אַראָפּ, געבריקעט מיט די שטאַרקע פאָדערשטע פיס און ניט צוגעלאָזן צו זיך דעם אָגער. אַ צעיושעטער פון ברענענדיקן כעס און ניט־געזעטיקטער פלאַמיקער תאווה, ווי אַ וואַרעמער זומער־אָוונט וואָס אָטעמט מיט בליצן, האָט דער אָגער געהויבן זיין לאַנגן געדיכטן

ווײדל, אַרומגעפּאַדעט אַרום דער קליאַטשע, זי באַשמעקט מיט די אויפגעריסענע נאַזלעכער, געוואָרפן הייסע משוגענע בליקן, ווי צאַפּלדיקע, גיפטיקע שלענגלעך צווישן די קאָפּיטעס פון דער קליאַטשע, און אין זײַנע קלינגעדיקע ברוסטיקע הירזשערייען האָט זיך געהערט דער אייביקער געשריי פון די מינים וואָס באַגערן זיך און האָבן זיך פײַנט צו גלײַך.

דאָס ציגײַנערל און דער פֿויער זײַנען אָנגעלאָפן און אַרבעטנדיק מיט די הענט, ווי געגנדז מיט זייערע שלאַבעריקע פליגל, האָבן זיי ווידער אָנגעהויבן אַרומצוטרײַבן די פערד. די קליאַטשע, אַן אײַנגעשטילטע, פון פאַרויס שוין אַ באַצווונגענע איז געלאָפן צו ערשט און דער אָגער פון הינטן. פלוצלינג, ווי אַ באַרג וואָס וואַקסט אויגנבליקלעך אויס פאַרן בליק, האָט זיך דער אָגער געשטעלט דיבאָם און ווי פינצטערע שטיקער וואָלקן וואָס בלאָנדזשען אום איבער די פעלדער פון בײַנאַכטיקן הימל, שלאָגן זיך אָן און גיסן זיך ענדלעך צוזאַמען, אַזוי האָבן זיך די חיהשע האַמעטנע גופים געוואָרפן אײנער אויפן אַנדערן, דורכן פײַער פון גלוסטונג זיך צוזאַמענגעשמאָלצן און געוואָרן אײנס...

פויערים וועלכע האָבן פון ווײַטן צוגעזען דאָס צוזאַמענפאָרן זיך פון די חיות, האָבן זיך געשאָטן פון אַלע עקן מאַרק. זיי האָבן גערעדט אין קופּקעס גראָבע רייד, זיך נענטער געשטופּט צו די מידע, שלעפעריקע גופים פון די פערד, און זיי געגלעט איבער די צעהיצטע, זיך פאַרענדיקע און שווער אָטעמענדיקע בײַכער.

דער באַלעבאָס פון דער קליאַטשע, אַ פויער מיט קליינע כיטרע אייגעלעך און בלאָנדע אַראָפּהענגענדיקע וואָנסן, האָט זיך געדרייט אין אַ געזעמל פון פויערים. די ליכטיקע פרייד איז אים אַראָפּגערונען ווי גלאַנציק־צעגאַנגענע חזיר־שמאַלץ איבער די פאַרטריקנטע ליפּן, און ער האָט ניט אויפגעהערט איבערצוחזרן הויך אויפן קול:

— וואַ, קוויילאַ קומיאַלע, נענאַרעיאַ! *

און ארויסציענדיק אַ טיפּן לעדערנעם בייטל, וואָס איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ קליין שטריקעלע, האָט ער דערלאַנגט דעם ציגיינערל אַ זילבערן צוויי ליטיקע מטבע.

— נעם! — האָט ער געשריען און פריידיק געלאַכט — נעם, געצנדינער!

דאָס ציגיינערל האָט אָנגעשפּיגן אויף דער זילבערנער מטבע, זי אַראָפּגעלאָזן אין אַ טיפער קעשענע פון די רויטע אָנגעבלאָזענע הויזן און ניט געוואָרן אין אָנגעוואָקסענעם פויערים־געזעמל.

משה איז געשטאַנען אַ באַנומענער און די קולות פון אויפגעשוואַ־לענעם געטומל אויפן מאַרק האָבן זיך אָן אים אָנגעשלאָגן, ווי פּאַליעס פון אַ שטראָמיק לויפנדיקן טייך אָן אַ האַרטן פעלדז. קלאַנגען פון כלערליי קאָלירן האָבן געפלאַטערט אין דער זוניקער לופט, ווי די פאַרביקע סטענגעס אויף די יום־טובדיקע מלבושים פון די יונגע דאָרף־פויערטעס. פייגל, חיות און בהמות האָבן זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן, דערציילט אויף אויסטערלישע לשונות, אז די נאַטור שענקט א קווינט גליק יעדן באַשעפעניש...

משה האָט געקוקט אויפן ווייטן פויערים־געזעמל, וואָס האָט זיך ווי אַ רויך־זייל צוזאמענגעקנוילט, פינצטערער געוואָרן און ווידער פונאַנדערגעפאַלן. אין דער פרייד, וואָס די פויערים האָבן ארויס־געוויזן ביים צוזאַמענפאָרן זיך פון די פערד, האָט ער געזען רעשטן פון פאַרצייטיקער ווילדקייט, וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה פון זיידעס צו קינדס־קינדער.

און הייבנדיק מיטן שטעקל אין דער לופט, האָט ער אַ פאַראַכטלעכן שפּיי געטאָן:

— טפו, אַ ווילדע אומה!...

זיך ארומדרייענדיק אזוי אויפן מאַרק, האָט משה פּלוצלינג פון

* אָט סאַראַ נאַרישע קליאַטשקע, זי האט ניט געוואָלט!

הינטן דערפילט אַ האַנט אויף דער פּלייצע. ער האָט זיך אומגעקוקט און דערזען פאַר זיך דעם פויער קלימאָס, וועמען ער האָט אַזאַ לאַנגע צייט ארומגעזוכט.

— אָי, מאָזע, ווי לעבסטו? — האָט דער פויער געעפנט אַ מויל מיט געלע שיטערע ציין.

— אָט, אַזוי זיך.

משה האָט גלייך ניט געוואָלט דערפירן דעם געשפּרעך צום חוב וואָס קלימאָס קומט זיי. פאָרט א פּריצל, האָט ער געטראַכט, מען קען נאָך מיט אים ניט איין מאָל מאַכן מיסחר.

— און אפשר האָסטו תבואה? — האָט משה געפּרעגט מיט אַ הארטער, הייזעריקלעכער שטים און געקוקט דעם פויער אין די אויגן אריין.

דערהערנדיק דאָס וואָרט תבואה, האָט זיך קלימאָס דערמאָנט אָן זיין דאָרף, זיך פונאַנדערגעגנעצט, ארויסגענומען פון בוזעם־קעשענע אַ פירקאַנטיקע בלישטשענדיקע בלעכענע פושקע מיט אייגן אויס־געאַרבעטן טאַבאַק, ארויסגעשלעפּט פון דער מאַנטל־קעשענע א גרויסן ווייסן בויגן גילזן־פּאַפּיר, וואָס האָט זיך קנייטשנדיק שטיל געררישט און אונטערגעזונגען, אָפּגעריסן פונעם פּאַפּיר אַ קליין שטיקעלע, צוזאַמענגעראָלט אַ דיקן פּאַפּיראָס, אים צוזאַמענגעקלעפּט מיטן שפּייעכץ פון מויל, געריבן מיטן גראָבן, צעשפּאָלטענעם פינגער איבערן קעפל פון אַ קופּערנער זשאַזיגאַלקע, געמאַכט פייער, פאַר־רייכערט און ארויסוואָרפנדיק אַ פול מויל מיט רויך האָט ער געלאָזט פאַלן צעצויגענע ווערטער וואָס זיינען ארויסגעוואָרפן געוואָרן צוזאַמען מיט די קנויליקע שטיקער רויך:

— איך האָב אַ ביסל תבואה!

— איז גוט, לאָמיר גיין באַקוקן.

משה און קלימאָס האָבן ווידער געשפּאַנט אין די זיגזאַגן־שטעגע־לעך, וואָס שלענגלען זיך צווישן די פויערשע פורן. צוקומענדיק צו קלימאָסעס וואָגן, האָט משה פאַר זיך דערזען אַ גרויסע מאַסע

פון זעק מיט פולע, אַנגעדראָלענע בייכער. א יונגער שייגעץ, קליי־
מאַסעס אַ פּאַרעבאָק, מיט הילצערנע קלומפּעס אָנגעטאָן אויף גראָ־
ווייסע וואָליקעס, איז געזעסן אויף די זעק און געשמאָקצעט אַ לאַנגע
ווייסע מענטע־צוקערקע.

— לאַיסק! (לאָז צו) — האָט משה אַ געשריי געטאָן צום יונגן
פּאַרעבאָק, געטאַפּט די זעק ביי די העלדזער, אזוי ווי מען באַטאַפּט
אַן עוף ביי דער וואָליע, אויפגעבונדן די פון שטרוי געפלאָכטענע
שטריק וואָס נעמען ארום זייערע מיילער, צוליב מבינות גוט צעקייט
עטלעכע קאָרן, אָנגעהויפּט אַ פולן הויפן קערנער, זיי זאָרגעוודיק
און טיפזיניק באַקוקט און האַסטיק אַ זאָג געטאָן:

— טאָ לאַמיר פאָרן, קען זיין מירן מאַכן געשעפט!

משה און קלימאַס האָבן זיך שווייגנדיקע אַוועקגעזעצט אויף די
זעק, און די לאַנגע דאָרפישע קאָרע מיט משופּעדיקע ווענטלעך
ביי די זייטן, טיף קרעכצנדיק צוליב דער שווערער משא, האָט זיך
געפּלאָנטערט אין דער געדיכטער נעץ פון מענטשן, געשרייען,
וואָגנס און חיות, וואָס האָבן שוין אצינד מיטן אָנקום פון אָוונט
געהאַלטן אין פונאנדערגיין און דורך דעם נאָך מערער פארשארפט
דעם טומל און געדראנג. צופאָרנדיק נאָנט צום שפּייכלער, זיינען
ביידע מאַנסבילן האַסטיק אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן און ווי שאָטנס
וואָס גיסן זיך צוזאַמען מיט דער נאַכט, אזוי זיינען ביידע מענטשן
פארלאָרן געגאַנגען אין דעם פינצטערניש פון טיפן שפּייכלער־חלל.

דערהערנדיק דאָס שארן פון אַ שופל, האָט משה פארשטאַנען אַז
דער טאַטע, יוסף טאַץ, פאַדעט שוין ווידער ארום די קופּעס תבואה.
ער האָט אריינגעשריען אין דעם פינצטערניש, אזוי ווי מען שרייט
אין אַ ברונעם אריין:

— קום ארויס, איך בין געקומען מיט קלימאַסן.

ווי פלעדערמייז זיינען יוספס קולות געפלויגן דורך דעם געדיכטן
חשכות און זיך אריינגעפלאָנטערט אין משהס האָריקע אויערן:

— וואָסי, וואָס, ער האָט אפשר תבואה צו פארקויפן?

— געוויס האָט ער, ער האָט אבער נישט געדאַרפט זיין אַזאַ דבר־אחר.

— ס'איז גארנישט, מירן אים נעמען אין יד...

יוסף איז ארויסגעשווומען פון דעם פינצטערניש, ארויפגעצויגן אויפן פנים די מינע פון אַ רייכן סוחר, ניט געפונען פאַר נייטיק צו באַגריסן קלימאַסן און געפרעגט מיט אַן איינגעהאַלטענעם טאָן:

— וואָס האָסטו, תבואה?

— יאָ.

— טאָ וויפל ווילסטו? — האָט זיך יוסף טאַקע געגלעט דעם שטע־כיקן, מיט גראָע שפּיציקע הערעלעך באַוואָקסענעם קין.

— צען ליט וועסטו געבן?

— ניין אַ האלב! — האָט יוסף ארייגעפאַטשט דעם פויער אין דער דלאָניע פון דער רעכטער האַנט.

אַ שטילשווייגן האָט באַהערשט דעם פויער. ער האָט זיך אַוועק־געשטעלט אויפן שוועל פון שפּייכלער, אַוועקגעבליקט אין דער ווייטקייט, דאָרטן ווו די בלאָע פראָסטיקע ווינטערנאַכט הויערט איבער די ווייס־פאַרשטומטע פעלדער. אים האָט זיך פאַרבענקט אהיים אין דאָרף, ווו עס וואַרט שוין אויף אים זיין ווייב, אַ קליין קינד, ערד און בהמות.

— נו, גוט — האָט ער צוגעשטימט, און אַ פאַרע האָט געשלאָגן פון זיין מויל.

די שנעלקע, מיט אַ לאנגן האַלדז און שמאָלן אייזערנעם קעפּל וואָס באַוועגט זיך ארויף און אַראָפּ, האָט געקלאַפּט אין דעם פינצ־טערניש. ביי יעדן „אָפּשטימען" די וואָג פלעגט יוסף טאַקע אָנצינדן אַ שוועבעלע און אויסציילן די מאָסיווע טשוגונענע געוויכט. ענדיקנ־דיק וועגן דער תבואה, האָט יוסף טאַקע אָפּגעגרענעצט אַ באַזונדערן פלאַץ אין שפּייכלער, אויסגעשאָטן די פולע זעק אין אַ באזונדערער קופּע. און דער טרוקענער האַרטער קאָרן האָט זיך שיטנדיק ארויס־געצאָמט אַ געדיכטן ווייסלעכן שטויב, וועלכער האָט זיך געקנוילט

ווי פּאַרע און זיך אויסגעמישט מיט דעם חשכות פון פינצטערן חלל.

יוסף האָט זיך פאַרקוקט אויף דער סטעליע פון שפּייכלער, געמאַכט דעם חשבון אויפן קאָפּ, אַראָפּגערעכנט דעם חוב וואָס דער פויער קומט אים און מיט אַ נאַכלעסיקער האַנט־באַוועגונג ביים שיין פון אַן אָנגעצונדענעם שוועבעלע איבערגעגעבן קלימאַסן דאָס געלט.

קלימאַס, טראַגנדיק שוין פון פריער אין זכרון דעם חשבון פון דער פאַרקויפטער תבואה, האָט ביים שוואַכן ליכט פון אַ צווייטן אָנגעצונדענעם שוועבעלע, איבערגעציילט דאָס געלט, פאַרקאַשערט די שווערע פּאָלעס פון שאָפּענעם פעלץ און עס באַהאַלטן אין די טיפקייטן פון דער הויזן־קעשענע.

שטייענדיק מיטן רוקן צו יוסףן האָט דער פויער האַסטיק צוגע־וואָרפן: „לאַבאַ נאַקט״ (אַ גוטע נאַכט), אויפגעהויבן פון דער פּאַדלאָגע די ליידיקע זעק, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט ווי די אָפּגעשונדענע פעלן פון בהמות, זיך ווי אַ שטיין אריינגעוואָרפן אין שליטן און טוענדיק מיט דער בייטש אַ לייכטן פּאַכע אין דער לופט, האָט דאָס פערד זיך אָפּגעריסן פון אָרט און צוזאַמען מיטן שליטן נעלם געוואָרן אין די בלאָע, ציטערנדיקע ווייטענישן פון דער פראָסטיקער נאַכט.

יוסף טאַקע האָט אויסגעשנייצט, גוט אויסגעווישט די נאָזלעכער מיט דער ברייטער טאַשנטוך. דאַן האָט ער ווידער אריינגעשפּאַנט אין דעם פינצטערניש פון שפּייכלער, געקניט פאַר דער נייער קאָרן־קופּע, אַזוי ווי מען קניט פאַר אַ הייליקייט, אריינגערוקט זיינע ברייטע, פראָסטיקע לאַפּעס אין דער וואַרעמער ווייכקייט פון תבואה־בערגל, געגלעט איבער זיין שאָרסטיקער ווייכער רונדיקייט, אזוי ווי מען גלעט דאָס סאַמעט ווייכן גופל פון אַ זיך־לאַשטשענדיקן קעצל, און געפּליסטערט איינגעהאַלטן־פריידיק:

— אַ געשמאַקע ביסעלע תבואה, אַ טייערע ביסעלע תבואה!

# יונגע שלאַנגען

דער זומערדיקער רעגן איז געפֿאַלן אין פֿינצטערן וואַלד. די דינע וואַסער־שנירלעך האָבן שטיל געראַשט, זיך געסודעט מיט די באַ־בלעטערטע צווייגן, געוואַשן די נידעריקע מאַלינע־קוסטעס ביי די שמאָלע, זאַמדיקע וואַלדוועגן. ערגעץ אין דער ווייטקייט, אַרום יודענער אַלטע מילן, האָט דער גאַנצער הימל געוווימלט מיט בליצן וואָס האָבן זיך שטיל געצונדן און געעפֿנט געהיימע ווינקלען אין דער נאַכט. און דונערן הייזעריקע, שווערע האָבן געטרייסלט די הימלען, אָנגעוואָרפֿן אַ פּחד אויף דער וועלט. אַזש די וואָרצלען טיף אין דער ערד האָבן זיך געוואָרפֿן אין ציטער פֿאַרנעמענדיק זייער קול.

פֿאַטופּיס, דער גלאָקן־ציער און וואַלדוועכטער, איז געריטן אויף אַן אַלטן, ברייטביינישן פֿערד. צוליב דעם רעגן האָט ער אַרויפֿ־געצויגן אַ זאַק אויפֿן קאָפּ, און מיט די באָרוועסע פֿיס האָט ער געקיצלט אין פֿערדישן בויך. ער האָט אויך געקלאַפּט מיטן צונג בכדי די בהמה זאָל לויפֿן מיט שנעלערע טריט. ביי יעדן דונער אָבער פֿלעגט דאָס פֿערד בלייבן שטיין אַרונטערגעלאָזן דעם קאָפּ מיט די לאַנגע שטיקער גריווע וואָס באַרירן די ערד. די אויגן פֿלעגן זיך ביי אים פֿאַרחלשט פֿאַרמאַכן אויף האַלב. ער האָט מיט הכנעה געוואַרט אַז די גרויסע, פֿינצטערע שטיינער וואָס האָבן זיך אין די הייכן געקייקלט און דורכגעבראָכן די הימלען, זאָלן אַראָפּפֿאַלן אויף אים און אים צעשפּאַלטן דעם שאַרבן.

אַז דער רעגן האָט אַ ביסל נאָכגעלאָזן, האָט די וואַרעמקייט זיך נאָך מער געלאָזט פֿילן. די זשאַבעס אין די נאָענט ליגנדיקע זומפּן האָבן פֿאַרקלונגען די לופֿט מיט זייער התלהבותדיקן קוואַקן. עס האָט

געשמעקט מיט נייעם, געדיכטן רעגן. די בליצן זיינען געלאָפן פון איין ברעג הימל צום צווייטן, אויפגעשניטן די פולע אָדערן פון די וואָלקנס, און דער רעגן האָט אָנגעהויבן צו גיסן עמערסווייז. פּאַטופּיס האָט זיך געבויגן און געטריבן דאָס פערד פאָרויס. די בליצן האָבן איבער אים געבייטשט מיט פייער פון אַ נאָענטער שריפה.

ער איז געריטן מיטן וויסטן ברעג פון טייך שווענטע, דער ברעג וואָס האָדעוועט אַ גאַנצן זומער ברייטע בלעטער ווי קי־אויערן. אלע דערפער פון דער געגנט האָבן די דאָזיקע בלעטער גענוצט אונטער־צובעטן די אונטערשטע געזעסן פון לאַבנס ברויט. די קילע, ווילדע געוויקסן האָבן אויך געקילט בראַנדוווּנדן אויף פיס, אָנגעריבענע פון שטיוול וואָס זיינען האַרט און אויסגעטריקנט פון היץ, אָדער אָנגעריבן פון הילצערנע קלומפּעס.

אַצינד זיינען די ברוינע זאַמדן שווארץ געווען פון רעגן. דעם פערדס גרויסע קאָפּיטעס, רונד ווי קליינע טעלערלעך, זיינען געזונ־קען אין ווייכן באָדן. הויפנס פון פייכטן זאַמד, שווערע ווי בליי, האָבן זיך געקלעפּט צו די פיס פון דער אלטער, פאַרמאַטערטער בהמה, וועלכע האָט געפרייכט, ארויסגעוואָרפן פון זיך מיסט און וואַסער און געשוויצט, אַזש אַ פּאַרע האָט געשלאָגן פון איר רוקן, פון אונטערן ווײדל, פון צווישן די פיס ארויס. פאטופּיסן האָט ארומ־געכאַפּט אן אומעט, ער האָט זיך אויסגעצויגן לענג־אויס דעם פערדס רוקן און פאַרצויגן אַ פּאָלקסליד, אַ „דאינע“.

וואַי, דודאַ,

דודאַ, דודאַ אאַ״וו.

האָט ער געזונגען אין דער נאַכט אריין. צו מאָל האָט ער אויך נאָכגעמאַכט אַ קוקאַווקע: או־או, או־או. די געדיכטע, פייכטע לופט האָט אבער קיין ווידער־קולות ניט צוריקגעגעבן. די נאטור איז געווען פאַרשלאָסן אין זיך, פארכליניעט פון פאַרען זיך מיטן וואַרעמען זומער־רעגן.

דערשנאַפּנדיק דאָס וואַסער, זיינען די בליצן געוואָרן אומרויקער,

צאַרנדיקער. זיי האָבן זיך געבראָכן דורך דער לופט אין שאַרפע זיגזאַגן, געביסן דעם פינצטערן שטראָם מיט גרינע, פייערדיקע ציין און זיך געלאָשן אין טייך מיט אַ געשריי... פאַטופיס האָט זיך געפונען אויג אויף אויג מיט דער אוראַלטער שינאה צווישן די צוויי יסודות פון דער וועלט: פייער און וואַסער. פאַר גרויס פחד האָט ער זיך איבערגעצלמט.

דאָס פערד האָט אים געטראָגן דורכן שטראָם פון שווענטע. די תהומות פון טייך זיינען דעם פויער געווען וויל באַקאַנט ווי די אייגענע פיר ווענט. דורך לאַנגע זומערן האָט ער ארומגעבלאָנקעט אַ נאַקעטער אין שווענטע און אַדורכגעטאַפּט מיט די פּוסטריט אַלע נעסטן פון פיש און זשאַבעס. ער ווייסט ווי דער לאַנגער, דאַרער העכט האָט זיין היים און ווו דער בייכיקער שלייען שלאָפט, ווו דער טייך איז פּרוכטלאָז און ווו דאָס וואַסער איז פול מיט ווייכע, שליי־מיקע גראָזן ווי שלאַנגען־גופים. אין די ערטער ווו די טריט האָבן געזונקען אין קלעפּיקע געוויקסן, איז דער שטראָם זאַט געווען מיט כלערליי מינים פיש, מיט אַ לעבעדיקער גערעטעניש ווי אַ רייכער פּריצישער שייער... ער האָט געהאַט אויפן אויג אַלע שטעגן און וועגן פון גרונט, פונקט ווי ער האָט אויך געקענט די דינע סטעזשקעס וואָס לויפן איבער די אייגענע דלאָניעס. פון צו פיל זיין אויסגעבונדן מיט דער שווענטע האָט פאַטופיס אין איר געהאַט אמונה. און כאָטש ער האָט געוווסט אז טייכן זיינען כיטרע און פאַררעטעריש ווי די שלאַנגען, דאָך האָט ער זיין געהאַרכזאַמע בהמה געלאָזט דורכ־שניידן דעם ביינאַכטיקן טייך.

דער וועג וואָס פירט צום קליינעם דאָרף פּומפּיץ אין שטעטל אריין, איז אַלץ מערער איינגעלאָפן. די הימלען און דער רעגן האָבן זיך איינגעשטילט. אַ קילער ווינטל האָט געווייעט. דאָס פערד האָט געיאָגט אזוי שנעל, אז פאַטופיס האָט געהערט ווי אזוי זיין געדערעם־קנויל באַמבלט זיך אים אין אויסגעפּוישטן בויך. פאַטופיס האָט געפונען דאָס שטעטל פאַרזונקען אין שלאָף ביז איבער די אויערן.

עס איז געווען אזוי שטיל, אז מען האָט געהערט דאָס אָטעמען פון אַ פויגל ערגעץ אויף אַ צווייג. דאָס טיפּע טייכל וואָס לויפט איין טאָל צופוסנס פון שטעטל, האָט געשמועסט הויך אויפן קול מיט דער נאַכט. פון צייט צו צייט האט א האָן געקרייעט. אַ סקריפּ פון א טיר, פון אַ לאָדן געעפנט דורכן ווינט — האָבן אים אָפּגעענטפערט. ערגעץ אין אַ שטאָל האָט א קו אומעטיק געשריען און לעמער האָבן איר אָפּגעענטפערט מיט אַ מעקענען. אין דער נאַכט זיינען אָפּגעווישט געוואָרן די גרענעצן וואָס ליגן צווישן די מינים און זאַכן. פויגל, טייכל, לאָם, קו, האָן און לאָדן אין ווינט — אַלע האָבן גערעדט איין שפּראַך, אלע האָבן זיך אין איר פאַרשטענדיקט. און די שטילקייט וואָס האָט דאָ געלויערט אויף שריט און טריט, האָט די פאַרשיידענע קולות ארונטערגענומען אונטער איר פליגל.

פאַטופּיס האָט געגנוי די צייט ניט געוווּסט. די שעהן האָט ער פון ציפערבלאָט ניט געקענט אָראָפּלייענען. אַ מאַן וואָס טראָגט א זייגער אין זיין וועסטל־קעשענע, איז אין זיינע אויגן אויסגעוואַקסן אין א העכערער סאָרט בריאה. דאָך האָט ער בלינד געפילט, אז דער וואָס קען ניט דערטאַפּן דעם שטראָם פון דער צייט מיט די אייגענע צען פינגער, איז אפילו א ביסל היימישן טאַבאַק ניט ווערט... זיין ציפערבלאט איז געווען דער הימל. אין אַ שמועס מיטן שטעטלשן אַפּטייקער האָט ער אַמאָל שמייכלענדיק געזאָגט, אז צוויי גאָלדענע זייגערס האט ער באַקומען בירושה פון זיינע אבות: די זון בייטאָג און די לבנה ביינאַכט...

איצט אָבער, אז דער הימל איז געלעגן פאַרזונקען אין וואָלקנס, האָט זיין בליק געבלאָנדזשעט איבערן האָריזאָנט ווו דער טאָג האָט געשטעלט זיינע ערשטע, בלאַסע טריט. אין אונטערשטן טייל הימל איז נאָך די גרויע פינצטערניש געווען א ניט־גערירטע ווי אַ שטייאיק וואַסער. א לאנגע זילבערנע סטרונע האָט אבער געציטערט אָן אויפ־הער, איז מיט יעדער רגע ברייטער געוואָרן און ענדלעך אויסגע־וואַקסן אין אַ ליכטיקן פּאַס. פאַטופּיס האָט געוווּסט, אז עס איז

געקומען די צייט, דער קלויסטערגלאָק זאָל זאָגן זיין וואָגיקן, גאָטס־פּאָרכטיקן ווארט אין דער באַגינענדיקער שטילקייט פון דער וועלט. ס'איז געקומען די צייט צו קלינגען אויף טאָג.

ער איז אַראָפּגעקראָכן פון פערד, אים אָנגענומען פאר די קורצע לייצעס און געשפּאַנט בארג־ארויף. דער ווייסער, שיינער קלויסטער איז געזעסן אויף זיין הויכן פונדאַמענט ווי אַ ריזן־שוואַן און אַראָפּגעקוקט צו דער ווייטער געגנט וואס ליגט אויסגעשפּרייט אין טאָל. צוליב פאָרכט פארן הייליקן אָרט האָט ער שוין פון דער ווייטנס אַראָפּגעשלעפּט דעם נאַסן זאַק פון קאָפּ און זיינע בלויזע האָר זיינען פול געוואָרן מיט שטיקלעך ווינט.

דער באָרוועסער פּויער האט במשך פון זיין גאַנצן רייטן געהאלטן ארויפגעקאָשערט די הויזן ביז איבער די קני. ער האָט ליב געהאָט צו פילן דעם רעגן, די יונגע וואַרעמע בלוטן פון זומער אויפן אייגענעם לייב. אצינד אָבער האָט ער די הויזן אַראָפּגעקאשערט ביז צו די פוס־פּיאַטעס. ער האָט מיט כוח געעפנט די אייזערנע, געשמידטע טויערן וואָס זיינען ארייגעפּאַסט אין הויכן שטיינערנעם קלויסטער־צוים. דער לאנגער שטילער הויף איז געווען באַוואַקסן מיט הויכן, ניט־געקאָסעטן, פעטן גראָז ווי אַ „מאהילניק". אין טיפן גראָז לעבן פּאַרקאַן זיינען אין אַ לאנגער ריי געשטאַנען ווייסע גיפּסענע פיגורן פון די אפּאסטאָלן און הייליקע פון די שפּעטערדיקע צייטן. די פיגורן האָבן ארויסגעקוקט פון אונטער געוועלבטע, פירקאַנטיקע מייערלעך מיט שטאָלענע פענצטערלעך אין אלע פיר זייטן ווי לאַמטערנעס. אויף אַ ברייטן שטיין, באַוואַקסן מיט גרינעם מאָך, איז געשטאַנען אַן אויסגעהאקטער פון גראַניט „גאָטס־זון". דער אומעטיקער בליק איינגעגראָבן אין דער ערד, טראַגנדיק אויפן איינגעבויגענעם רוקן א הילצערנעם ריזן־צלם. דער צלם איז געווען שוואַרץ פון ביינאַכטיקן רעגן, און אַן אלטע קראָ, גרויס ווי א יונגע הון, איז געשטאַנען אויפן לינקן אָרעם פון קרייץ און געפּיקט אין פייכטן האָלץ.

פּאַטופּיס האָט פריי געלאָזן גיין דאָס פערד אין די פעטע גראָזן

אריין און אליין זיך גענומען ציען דעם גלאָק. און ווייל ער איז אויך געווען וואַלדוועכטער, דעריבער האָט פון זיינע געדאַנקען געשמעקט מיט געצענדינעריי. ער האט געטראכט אז דער קלויסטערגלאָק איז גאָטס צונג וואָס הענגט צווישן הימל און ערד... דער גלאָק האָט זיך געוויגט און ער האָט זיך מיטגעוויגט. ער האט געהאלטן די שטריק שטייף צווישן זיינע פינגער. זי, די שטריק, איז געווען דער נאָפּל וואס פארבינדט אים מיט דעם גלאָק, מיט דעם האַרץ פון דער הייליקייט, די הייליקייט וואס רעדט אזוינע טיפע, פאָרכטיקע רייד אין קילן באַגינען...

---

מיט יעדן קלונג פון גלאָק איז דער באַגינען אלץ ליכטיקער געוואָרן. אז דער לעצטער קלאַנג איז אויסגעגאנגען אין דער לופטן, איז שוין געשטאַנען גרויסער טאָג אויף דער וועלט.

דער שטילער, לינדער ווינט האָט האָפּטיקער אָנגעהויבן צו בלאָזן. דער בלייענער הימל איז צעריסן געוואָרן אויף שטיקער. וואָלקנס מיט איינגעפאלענע בייכער האָבן מיט שווערע טריט געבלאָנדזשעט פון מיזרח צו מערב. די וואָלקנס האָבן אָפּגעטאָן זייער שליחות און אוועקגעוואַנדערט אין אנדערע געגנטן, צו זאָמעט צו.

אַז דער באַפרייטער בלויער הימל האָט זיך ווי א גרויס לאָכנדיק אויג געעפּנט איבערן שפּיץ באַרג, האָט זיך דער אלטער פאָסטעך דאָרעלא באוויזן אין מיטן מאָרקפּלאַץ. ער האט געשפּאַנט מיט לאנגע פארברוינט־אָנטבלויזטע פיס ווי ביי א דאָרפס־יינגל. ער האָט געשפּאַנט, און אים פארויס, ווי אויך נאָנט איבער זיין קאָפּ, איז געפלויגן, ווי א לעבעדיקע זינגענדיקע נעץ, אָ סטאַיע שוואַלבן. די שוואַלבן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן נידעריקער, געפלאַטערט ארום זיינע אָרעמס, אויגן און גרויע באָרד. זיי האָבן אויך געפלאַטערט ארום זיינע ליפּן ווי זיי וואָלטן געוואָלט גנבענען לעבעדיקע ווערטער פון זיין מויל. דער אלטער מענטש איז באַדעקט געוואָרן מיט אַ רעגן

פון זיסע קלאַנגען. דער גרויסער זומערטאָג האָט ארויסגעטשווי־טשערט פון די קליינע, געלע שנעבעלעך.

די לוסטיקע פייגל האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די דעכער און אָנגעהויבן פיקן דעם דימענט־לויכטנדיקן טוי. זיי האָבן זיך אויף געראַיעט אין די מיט מאָך באַוואַקסענע שינדלען און געשלונגען ווייכע וואסער־ווערעמלעך.

דער פּאַסטעך האָט פארריסן דעם קאָפּ צום הימל און געבלאָזן אין לאנגן הילצערנעם "דודא"־האָרן. קי, קעלבער, ציגן און שעפּסן האָבן זיך פון אלע עקן שטעטל געצויגן צו אים. די שטילע קי מיט פאר־דרייטע הערנער ווי לאָקן איבער די ברייטע, ברוינע שטערנס, האָבן מיט ווארעמע, מוטערלעכע צינגער באַלעקט די קעלבער. די שעפּסן אָבער האָבן געטוליעט צום פּאַסטעך זייערע מיט וואָל־באַוואַקסענע לייבער, זיך געמאכט א וועג צווישן זיינע פונאנדערגעשפּרייטע פיס, געלאָפן צווישן זיי הין און צוריק ווי דורך א טויערל.

דער אלטער פאסטעך האָט הנאה געהאט פון שטומען לעמערשפּיל ארום דעם אונטערשטן טייל פון זיין גוף. ער האָט לאַנג געטרומיי־טערט מיט ווילדע, פארצייטיקע קולות. איז אין די קולות געווען דער געוויין פון שוואַכן לאם, ווען דער קאלטער ווינט בלאָזט אויף די לאַנקעס, דאָס קלאָגן פון הונגעריקן ציגן אויף פלאַכע זאמדפעלדער...

דאַרעלא האָט געשפּאַנט מיט זיין סטאַדע בארגאַראָפּ. פון טאָל ביים רוישיקן טייכל האָבן זיך דערטראָגן לוויה־געזאַנגען. די ניגונים האָבן געקלונגען אלץ העכער און העכער, געקלעטערט בארג־ארויף, אַזש ביז צום געמויערשן צוים פון קלויסטער. אין דער זעלבער צייט האָבן צוויי גלעקער אָנגעהויבן צו קלינגען אין קלויסטער־טורעם — דער קליינער קופערנער לוויה־גלאָק און דער גרויסער אַלטער גלאָק וואָס רופט מיט אַ ברוסטיקן קול די גאנצע געגנט צו תפילה.

די לוויה האָט זיך געהויבן בארג־ארויף. אין אַ קליין קרעכצנדיק פורל איז געזעסן אַ פויערטע און געהאלטן אויף די אָרעמס אַ קליינע

ווייסע טרומנע. אַ פויער מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ איז געגאַנגען צו פוס און געקערעוועט דאָס פערד. הינטער דער פור זיינען נאָכ־געגאַנגען דאַרפסווייבער מיט ווייסע פאַטשיילקעס אויף די קעפּ. זיי האָבן צו ביסלעך אַלע צוזאַמען געזונגען, און אַלע צוזאַמען פרום געשוויגן.

דאַרעלא איז געבליבן שטיין. ער האָט אַראָפּגענומען דעם אַלטן שטרוי־הארטן קאַפּעליוש פון קאָפּ און זיך איבערגעצלמט. די סטאַדע אָבער איז ווי אַ וואַסערשטראָם געלאָפן בארג־אַראָפּ. די צוגן, שעפּסן און קעלבער האָבן זיך אויסגעמישט מיט דער לוויה, די קי האָבן באַשמעקט מיט די גרויסע פייכטע נאָזלעכער די פור, די ווייסע טרומנע, אויסגעצויגן די העלדזער ווי לאַנגע לעבעדיקע טראָמפּייטן און הייזעריק־שווער געברעוועט. דער פאַסטעך האָט זיי מיט דער פייפנדיקער בייטש אוועקגעטריבן פון דער הייליקער פּראָצעסיע.

לוויות פון יונגע קינדער האָבן זיך געצויגן פון געגנט אַרום. איבער די שטילע, זאַמדיקע שטעגן האָבן ארומגעשוועבט געזאַנגען װעגן טויט. ביי די קרייצן אויף אַלע דאָרפישע שיידוועגן זיינען יונגע פויערטעס געלעגן אויף די קני, געקושט דעם ארומיקן הייליקן גראָז. אויפגעהאָנגען בלומענקרענץ אויף די אָרעמס פון די צלמים, אריינגע־ווייִנט אין זיידענע, פיין־אויסגעהאָפטענע טאַשנטיכער און די טיכער אָנגעקלאַפּט מיט טשוועקעלעך אָן די קרייצן. די דאָזיקע יונגע ווייבער זיינען געוועזן מוטערס פון קינדער וואָס זיינען געפאַלן פון יונגע שלאַנגען.

דער פרילינג וואָס איז אין דער געגנט אָנגעקומען מיט לעבעדיקע טייכלעך, מיט בושלען וועלכע בויען זייערע נעסטן אויף רעדער אָנגעשלאָגענע אָן ביימער־קרוינען און דעכער, האָט אָפּגעטראָטן זיין אָרט פאַרן זומער. דער הונגעריקער טייך שווענטע האָט געעפנט לענג־אויס זיין שטראָם הונדערטער מיילער — קעסלגריבער און תהומות. קערפּערס פון דערטרונקענע האָבן די פישער ארויסגעשלעפּט ווי לאַנגע שווערע העכט פון די וואַסערן ארויס. אויפן זאַמדיקן ברעג

האָבן זיי די גופים, ווי פרישע פיש, צוגעדעקט מיט ווייכע ווערבע־צווייגן.

די וועלדער האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט טונקעלן גרין. די שטאַמען האָבן זיך געשפּאָלטן מיט א קנאַק, געעפנט זייערע מוטער־טראַכטן און געבוירן נייע, ווייכע צווייגן. די גרעזער זיינען הויך געוואַקסן, און אונטער די פארשיידענע מינים קרייטעכצער פון כלערליי פאָרמען און פנימער איז געשלאָפן די שוואַרץ־פייכטע זאַפטיקע ערד. האַרטע, האַריקע בלעטער זיינען געוואַקסן צופוסנס פון די הויכע שטאַמען. שעהן גאַנצע זיינען זיי אָפּגעלעגן שטום ווי אַן אַ רוח־חיים. פון צייט צו צייט פלעגט אָבער איינער פון די בלעטער געבן אַ האַסטיקן ציטער; אַן אַלטער בייכיקער פליג אָדער אַ גרינער וואָרעם, אַראָפּ־געפאַלן פון אַ צווייג, האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט אויפן געוויקס. אין די ערטער ווו דיביימער האָבן געלעבט אין נאָענטער שכנות איינער מיטן אַנדערן, איז ליכט אין גאַנצן ניט אַריינגעקומען. במשך פון גאַנצן זומער זיינען דאָ געלעגן שטיקער נאַכט. די פינצטערניש האָט זיך פון אָרט ניט גערירט. זי איז געווען צוגעשמידט צו די מאָכיקע שטאַמען, צום באָדן, ווי זי, די פינצטערניש אַליין, וואָלט אויך אַרויסגעוואַקסן פון דער שוואַרצער פעטער ערד. איבער דער פינצ־טערניש האָט געהויערט טיפע שטילקייט. בלויז פון מאָל צו מאָל האָט מען געהערט ווי אַ צווייג שטאַרבט מיט אַ קרעכץ, ברעכט זיך אָפּ פון בוים און געפינט זיין קבורה אין די הויכע גראָזן. אַ קוקאַווקע איז געזעסן אין איר באַהאַלטענער וואַלד־שטוב און כסדר געפרעגט: קו־קו. אַ וועווערקע האָט ווי אַ פויגל געשוועבט פון בוים צו בוים און ווי אַ ווינט צעכוואַליעט די בלעטער.

אויך די פעלדער האָט דער זומער באַשאָנקען מיט אַ פולער האַנט. דעם קאָרן, דעם ווייץ, דעם האָבער האָט דער זומער געקאָרמעט מיט אַ סך זון, אַזוי אַז די קערנער האָבן זיך געריפט האַרט און מעליק. אַלטע פויערים, וואָס גייען אַרום גאַנצע טעג פוסט און פּאַסט ווי שטוב־עופות, זיינען שעהן גאַנצע אָפּגעשטאַנען ביי די ראַנדן פון די

תבואה־פעלדער און זייערע האַריקע אויערן ווי נעצן האָבן געפּאַנגען דעם געריש פון די גאָלדענע טייכן, פון די זאַנגען־וועלדלעך, וואָס האָבן געשטראָמט אין דער ווייטקייט. זיי האָבן אויך ליב געהאַט זיך צוצוקוקן ווי אַזוי די האַריקע תבואה־קעפּלעך קומען זיך צוזאַמען, צעקושן און צעשיידן זיך, ווי אַזוי יעדע זאַנג קניט ביחידות אַקעגן ווינט.

אַז די זומערדיקע אָוונטן זיינען קורץ געוואָרן ווי דער אָטעם פון אַ פּיצל קינד, און אין די פויערשע היימען האָט מען אויפגעהערט אָנצוצינדן פייער און דער „רויטע״־בלום האָט זיך פונאַנדערגעבליט אונטער די אָפענע קליינע פענצטערלעך, האָבן די דאָרפישע בחורים אָנגעהויבן ארומצושלייכן איינזאַמע אויף די טונקעלע וועגן. זיי האָבן זיך ווי יונגע וועלף געשאַרט ארום די שטאַלן, די הענט פאַר־שטעקט אין די קעשענעס און געהאָרכט. צו מאָל האָבן זיי אויך אומגעדולדיק אונטערגעפייפט. דאָ האָבן זיי אָפּגעוואָרט די שיקסעס, מיט וועלכע זיי זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אויף די קופּעס פריש־אָנגעשניטענעם היי. פון די שטאַלן האָבן זיי זיך צוריקגעקערט מידע, מיט געבויגענע קנעכלעך. די גלידער, ווו עס האָט פריער געגעסטיקט אַזאַ זיסער ציטער, זיינען געוועזן זאַט, פול מיטן טעם פון ווייב. זיי זיינען געפאַלן שלאָפן ווי די גארבן, און זייער כראָפּען איז געגאַנגען מיט אַ פייף איבער די פינצטערע שטיבער.

אין די טיפע גראָבנס, וואָס לויפן לענג־אויס די וועגן און וואָס זיינען אָנגעוואָקסן מיט קראָפּעווע־קוסטעס, זיינען אין די נעכט געזעסן יונגע פויערים, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון די ווייבער און געשיכורט. מען האָט מיט פינצטערע, שאָטנדיקע הענט געצויגן פון די בוזעם־קעשענעס פלעשער בראָנפן. די פלעשער זיינען געגאַנ־גען פון מויל צו מויל, פון גערזעמל צו געזעמל. ביי יעדער שלוק בראָנפן האָט מען געשלעפּט פון די הויזן־טאַשן גאַנצע הערינג און שטיקער ברויט, שוואַרץ ווי דורכגערעגנטע ערד. די הערינג האָבן די פויערים ניט צעשניטן, נאָר מיט די ציין געריסן געזאַלצענע שטיקער

פלייש פון די זילבערנע רוקנס, פון די ווייכע בייכלעך, ווי רויבפייגל. נאכן אויפעסן די הערינג זיינען די פויערים ווילד געוואָרן. פולע ווי ברינעמער האָבן זיי זיך קוים געשטעלט אויף די פיס. קריכנדיק פון די גראָבנס ארויס ווי פון קברים, האָבן זיי פארשטאָכן די הענט אָן די קראַפּעווע־ביימלעך, ווענענס בלעטער עס האָבן געביסן דעם מענטשלעכן לייב ווי גיפטיקע פליגן. די פויערים האָבן געקלאָגט און געוואָיעט פאר גרויס ווייטיק. זיי האָבן ארויסגעשריען ניבול־פה־רייד. ווי גרויסע ווערעם זיינען זיי ארומגעקראָכן אויפן דעק פון די גראָבנס און גערופן קריסטוסן צוהילף. זיי האָבן געבראָכן, און נאָכן אָפּברעכן געלעקט מיט די פארברענטע צינגער דעם איינגעשטאנענעם, עיפוש־דיקן וואַסער.

אז אלע פויערים האָבן זיך שוין ארויסגעקראָגן פון די גראָבנס אויפן וועג־ארויף, האָט אַ שטורעם פון ליבע־געפילן ארומגעכאַפּט די שיכורים. מען איז געפאלן איינער פארן אנדערן אויף די קני ווי פאר איקאָנעס, און אזוי זיצנדיק אין זאמד פון וועג האָט מען זיך געוואָרפן איינער אין דעם אַנדערנס אָרעמס. ליפּן האָבן זיך איינ־געגעסן אין ליפּן, טשופּרינעס האָבן זיך ארייננעפלאָכטן אין טשופּ־רינעס, ווי קרוינען פון שכנותדיקעביימער וואס דער ווינט שמעלצט זיי צוזאמען. מען האָט זיך געקושט מינוטן לאנג ממש ווי ביי אַ „שליוב". נאָכדעם האָט מען פארלייגט האַנט אויף פּלייצע און זיך וואקלענדיק געשפּאַנט אין אַ לאנגער ריי. מען האָט הויך געזונגען, געטופּעט מיט די פיס אין זאמד און געשריען „יוכטראַ, יוכטראַ!!!"

אויף די זון וואס האָט במשך פון וואָכן פארטריבן מיט אירע הייסע שטראַלן יעדן וואָלקן פון הימל, האָט געטרונקען מיט טויזנט מיילער. זי האָט איינגעשלונגען אלע קליינע טייכעלעך און איבערגעלאָזט טיפע גראָבנס מיט טרוקענע, ווייסע שטיינער אויף זייער גרונט. די וואסערמילן זיינען געשטאנען מיט ליידיקע ציינער, ניט קענענדיק פרעסן קערנער וואס האבן געשטראָמט אין בייכיקע זעק, אָנגעלאָדן אויף לאנגע פורן־רייען אין די מילן אריין. די מילנער זיינען ארומ־

געגאַנגען פאַרזאָרגטע, ווילד־פּאַראוואַקסענע ווי די בערן, די קאָזיר־קעס פון די היטלען אַראָפּגעלאָזן איבער די פאַרזשמורעטע אויגן. שלעפעריקע האָבן זיי ארומגעבלאָנדזשעט אין זייערע קילע, טונקעלע מילן ווי אין געדיכטע וועלדער. פון אומגעדולד האָבן זיי זיך געביסן די נעגל פון די פינגער, געפּאַטשט אין די בייכער פון די שוער־לייביקע תבואה־זעק, פונקט ווי ציגייגער וואס פּאַטשן אויף די יארידן אין די לייבער פון זייערע פערד. אין די הייסע טעג זייַנען זיי אָפּגעשלאָפן אין די בגדים, ליגנדיק אויף די פולע זעק, ביז אין אָוונט אריין. אויך אויף די הילצערנע בריקן וואס הענגען איבער די סליוזן איז אָנגעוואַקסן דער גרינער מאָך.

אז אין מאגזינטאָוווער אָזערע האָט דאָס וואסער אָנגעהויבן צו טריקענען, פלאַכער ווערן וואָס פון טאָג, האט זשאַבעלאָ, דער מילנער פון מאגזינטאָוווער מיל, פארלאָרן דעם אָפּעטיט צום עסן. ער האָט געדאַרט צוזאמען מיט זיין אָזערע. ער האָט ארומגעבראָדזשעט צווישן די אייערקוסטן וואָס זייַנען געשטאַנען ביזן האלדז אין וואסער און מיט אויפגעריסענע אויגן געזען ווי אזוי די אָזערע קאָרטשעט זיך איין, ווערט פארשלונגען פון דער זון. ער פלעגט אויך נאָכאַנאַנד פאַררייסן דעם קאָפּ צום הימל און אומזוכן מיטן בליק אין די הויכן טונקעלע גרוסן פון רעגן. האָבן אים די פויערים דערפאר אַ נאָמען געגעבן „דער הימל־קוקער".

איין מאָל אין א ווארעמען אָוונט האָבן די הימלען אָנגעהויבן צו ברומען. זשאַבעלא האט זיך גראד געהאלטן אין באָדן. אַ שטומער בליץ האָט אַ פלאטער געטאָן איבער דער אָזערע. זשאַבעלא איז ארויסגעלאָפן פון וואסער און ארויפגעקראָכן אויפן נידעריקן דאַך פון מיל בכדי צו האָבן א גרעסערע, ערב־רעגנדיקע שטיק וועלט ארום זיך. ער האט אויך געוווּסט אז דונערן און בליצן ברעכן דורך א וועג דורך טרוקענע, זומערדיקע הימלען פאר פולע הימלישע טייכן וואס פאלן מיט רויש ווי וואסערפאלן אויף דער ערד... אַ נאַקעטער און אויפגעציטערטער איז ער געשטאַנען קעגן די אויפגעציטערטע

תאווה־פולע הימלען און זיך איינגעהאָרכט אין געברום פון דונער ווי אַ פרומער קריסט אין די קולות פון קלויסטערגלאָק וואָס קלינגט אויף נאכט. גרויסע בליצן האָבן באַלויכטן די גאַנצע געגנט. אונטער זייער פארבלענדנדיק־גרינעם שיין זיינען אלע דערפער ווי צוזאמענ־געלאָפן אין איין אָרט. די ווילדע פייערן וואָס האָבן זיך געקרייצט אין זייער געלאַף, האָבן ווי צונויפגעיאָגט אלע ארומיקע יישובים אין איין ווינקל פון דער נאכט, אזוי אז זיי האָבן אויסגעזען נאָנט איינע צו די אנדערע אזש מיטן האַנט צו דערלאנגען. שפעטער האָט אַ וואָלקן ווי א געדיכטער רויך פארדעקט דעם הימל.

די רעגנס האָבן אָבער ארויסגערופן די שלאַנגען פון די וועלדער. די וואָלקנס האָבן זיך געצויגן איבער פעלדער, לאָנקעס, טייכן, און די שלאנגען האָבן זיך אין די טיפע גראָזן געצויגן נאָך זיי. זיי זיינען פארקראָכן אין שטאַלן פון לעמער, פון קי. דאָרפסקינדער האָבן די יונגע שלאַנגען ארויסגעפישט פון די זומפן ארום די הייזער. זיי האָבן געמיינט אַז זיי האָבן געפונען לאנגע ווערעם, ביז וויסנדיק אז זיי האַלטן דעם צאַפּלדיקן, פינצטערן טויט צווישן די פינגער.

זשאַבעלאָס מיל זיינען די שלענג באפאלן פון אלע זייטן. אין איינעם א באַגינען האָט ער געפונען א שלאַנג טיף אונטער דער מיל, אויף די גרויע, קאלטע מילשטיינער. צוויי שלענג זיינען געלעגן אויף די לאָבנס ברויט אין פּאָפּציס (עופות־שטייג) אונטערן אויוון. זשאַבעלאַ האָט אין דעם געזען א שלעכטן סימן. די שלאנגען, האָט ער געטראכט, זיינען געקומען פארסמען דעם ביסן ברויט פון מענטשן. שפעטער אז ער האָט געפונען א יונגן שלאַנג לעבן צלם ביי דער שטוב, איז ער בלאַס געוואָרן ווי די וואַנט. ער האָט זיך אַ קלאַפּ געטאָן אין הארצן און אויסגעשריען מיט א באַנומענעם קול:

„אוי, יעזו, ראַטעוואַק !" (אָ, יעזוס, ראַטעווע !).

זשאַבעלאַ האָט פארשלאָסן די שטוב אויף דער אַלטער, שווערער אייזערנער שטאַבע, זיך געשטעלט אויפן בריקל און אריינגעשפּיגן אין טיפן וואַסער אריין. ער האָט אָנגעטאָן אַ שווערן מאנטל, געמאכט

פון היימישע, ברוינע געוועבן. ווי א מאַנאַך האָט ער אריבער־געצויגן דעם באַשליק איבערן קאָפּ און פול מיט בייז און שינאה ווי אַ קראָפּעווע־קוסט, האָט ער געשפּאַנט אונטערן געדיכטן זומער־רעגן.

---

פויערים מיט געליימטע פיס, וועלכע ליגן שוין יאָרן אויף די אויוונס און וועלכע האָבן שוין אויך פארגעסן ווי אַלט זיי זיינען, האָבן נאָך אין זייערע יונגע טעג מילחמה געהאלטן מיט די אבות פון די איצטיקע שלאנגען. אַצינד האָבן זיי דער יוגנט פון די דערפער אָנגעוויזן ווו זיי פּרוכפּערן זיך.

אין איינער אַ נאכט, ערב דעם טאָג פון הייליקן יאָהאַן, האָבן זיך די בחורים פון דער גאנצער געגנט אוועקגעלאָזן אויף שלאַנגען־יאָגד. צווישן די בחורים האָט זיך אויך געפונען זשאַבעלאַ. מען האָט ארויפגעצויגן אויף די פיס שווערע שטיוול. אין דעם שיין פון אָנגע־צונדענע לאַמטערנעס האָבן געגלאַנצט העק, לאָפּעטעס, עמערס מיט גלאַנציקער סמאָלע.

אין אַ ליידיקן, זומפּיקן אָרט אין וואלד, דאָרט ווו די ערד איז געווען ווייך ווי טייג און באַוואַקסן מיט אַייער און בלעטער־געוויקסן, זיינען אויפגעקומען און געשטאָרבן גאנצע דורות פון שלאנגען. דאָס דאָזיקע אָרט איז געווען די שרעק פון דער געגנט. גרויסע מחנות קראָען האָבן דאָ כסדר אַרומגעקרייזט ווי איבער קברים. די שוואַרצע פאַרב פון זייערע פליגלען האָט אָפּגעשלאָגן אין דער לופט און פול געמאַכט דעם דאָזיקן וויסטן ווינקל אין וואלד מיט אַן אומהיימלעכער טונקלקייט.

צענדליקער יונגע פויערים האָבן אין דער נאכט ערב „יאָהאַן" געגראָבן א טיפן גראָבן ארום דעם שלאַנגען־אָרט. דעם גראָבן האָבן זיי אָנגעפילט מיט האָלץ, באַגאָסן מיט סמאָלע און אונטערגעצונדן. אַ רינג פון לעבעדיקע פלאַמען האָט ארומגעכאפּט דעם זומפּ. נאָך

דעם האָט מען געטונקט שטיקער פלאַקס אין סמאָלע, עס אָנגעצונדן און אריינגעוואָרפן אין שלאַנגען־נעסט אריין. די גלוטיקע, בלוטיקע צינגער זיינען געוואַקסן מיט א געזוים. ברענענדיקע צווייגן זיינען געפאלן פון רונד ארום. די צווייגן זיינען פאַרצערט געוואָרן מיט אַ קנאַק, זיי האָבן ווייטאָגדיק געקרעכצט ליגנדיק צווישן די שאַרפע ציין פון פייער. ענדלעך האָט מען אויך דערהערט דאָס צישן פון די שלאַנגען. די שטים פון פייער און דער שטילער ווידוי פון די שלענג האָבן זיך צוזאמענגעגאָסן.

זשאַבעלאַ, דער מילנער פון מאַגזינטאָווע, האָט געשפּאַנט אהיים. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן דעם לאַמטערן וואָס האָט שוואַך געלויכטן, אין דער אנדערער האַנט אַ פאַרסמאַליעטן גוף פון אַ שלאַנג. אויף דער פינצטערער לאָנקע ארום טייך שווענטע האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויפן אלטן פּאַסטעך דאַרעלא, וועלכער האָט די לעצטע צייט געפּיטערט בלויז ביינאַכט. פערד מיט געפּענטעטע פיס זיינען ארומגעשפּרונגען און געצופּט דעם גראָז.

— דו קערסט זיך אום פון שלאַנגען־יאַגד? — האָט דאַרעלא געפרעגט דעם מילנער.

— קוק — האָט זשאַבעלא אים געוויזן דעם פאַרסמאַליעטן שלאַנג. דער אלטער פּאַסטעך האָט א פּאַכע געטאָן מיט דער בייטש אין דער לופט און געזאָגט:

— געדענק, זשאַבעלוק, גאָט וועט נאָך פון אייך אַמאָל נקמה נעמען. איר האָט זיך מיט אייערע מעשים אריינגעמישט אין אייבערשטנס עסקים. גאָט טוט וואָס ער באַדאַרף טאָן. אין אונדזערע אלעמענס נשמות קריכן ארום שלעכטע נטיות ווי שלענגלעך. דער האַר פון דער וועלט האָט באשאַפן די שלאַנגען אין א שעה ווען ער איז געווען צאָרנדיק אויף די מענטשלעכע באשעפענישן. די שלאַנגען טראָגן אין זייער גיפט גאָטס שטראָף פאַר די מענטשן. בכלל ווייסן מיר אלע אזוי ווייניק, אונדזער גייסט טאַפּט ווי אַ האַנט פון א בלינדן

אין חושך. דעם מענטשנס שׂכל לויכט אזוי שוואַך ווי דאָס קאַרגע ליכט אין דיין לאָמטערן...

דער מילנער זשאַבעלאַ האָט ארויפגעוואָרפן דעם טויטן שלאנג ווי אַ שטריק אויף דער פּלייצע און אוועקגעשפּאַנט אין דער פינצ־טערניש. דער אלטער פּאַסטעך איז פארשוואונדן צווישן די געפּענ־טעטע פערד.

דער טוי איז געהאנגען ווי א ווייסער שלייער איבער די לאָנקעס. די פערד האָבן אַראָפּגעלאָזן די קעפּ, באַהאַלטן די מיילער אין די גראָזן און אריינגעהוסט אין דער ערד. בליצן האָבן ווי ווילדע מחשבות ארומגעבלאָנדזשעט אין די פינצטערע געהירן פון דער נאכט.

# עובר בטל

דער אלטער בענצע טילעס איז פון פאַרטאָג אָן געשטאַנען אריבערגעבויגן איבער דעם פּאַרענטש פון שטיינערנעם בריקל און ארייַנגעקוקט אין לויפיקן שטראָם אריין. פון דער טיפער סודות־דיקער לאָך אונטערן בריקל ווו די זון קומט קיין מאָל ניט אריין, האָט זיך געהערט דאָס בייזע ברומען פון טייכל וואָס זוכט זיך אַ וועג אין דעם פינצטערניש, צווישן קאַלטע, קרומע שטיינער, באַוואַקסענע מיט שליימיקן מאָך.

די מראה פון די שטיינער האָט בענצע געדענקט פון זיין אַמאָליקער יינגלשער צייט. זומער בייטאָג ווען די ווייבער קומען מיט ליימענע טעפּ שעפּן וואסער, האָט ער ארומגעבראָדזשעט אין טייכל אָן אָנגעטאָנענער, בלויז די האַרטע לייוונטענע הויזן הויך ארויפ־געקאַשערט איבער די קנעכלעך. פארנאַכט אָנטרינקענדיק דעם טאַטנס פערד, האָט ער געפייפט דין און זיס ווי אַ פויגל, אזוי אַז די בהמה פלעגט פארגאַפט אָנשפּיצן די אויערן ווי אַ האָז און אים אָנקוקן מיט מידע און געטרייע אויגן. דאַן פלעגט ער פון זיך אַראָפּ־וואַרפן די מלבושים, בלייבן שטיין אַנטקעגן דער אָוונטיקער וועלט אין זיין ליכטיקער נאַקעטקייט ווי אַן אָפּגעשיילטע פרישע פרי...

בענצע פייפט כסדר און דאָס פערד באַשמעקט זיין אָפענעם לייב ווי ער באַשמעקט צו מאָל אַן אומבאַקאַנטן געוויקס צווישן די גרעזער פון די לאָנקעס, פעכערט מיטן לאַנגן ווידל בכדי צו פאַרטרייבן די מחנות גרויסע פליגן וואָס דער פאַרנאַכט האָט אָנגעשיקט אויפן יישוב.

אז די בהמה האָט סוף כל סוף אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און מיט

קוים געעפנטע ליפן אָנגעהויבן צו זויגן פון טונקעלן שטראָם, פלעגט ער זיך ארויפכאַפּן אויפן רוקן פון פערד און אים ארייַנטרייַבן אין די טיפע ערטער פון טייכל, אין סאַמע קעסלגרוב לעבן בריקל. זיצנדיק אויפן שווימענדיקן צעוואַקסענעם גוף, האָט זיך דער קלייַנער בענצע געפילט זיכער ווי אויף אַ פּליט... אין דער פינצטערער לאַך, דאָרט ווו די מאַכיקע שטייַנער ליגן אייַנגענורעט ווי שלאָפנדיקע חיות פון מעשיות, שרייַט ער ארייַן: טאַ־טאַ... אַ בת־קול ענטפערט אים אָפּ ווי פון אַ פּוסטער ריזיקער פאַס ארויס.

די בילדער פון דער אַמאָליקער צייַט שווימען אָן אין בענצעס אַלטן מוח ווי רעשטלעך פון כמעט פאַרגעסענע חלומות וואָס ער געדענקט ניט ווען און ווו ער האָט זיי געחלומט... ער קוקט אין טייכל ארייַן און אים דאַכט זיך, אַז אָט באַלד וועט ער אַלייַן, דער אַמאָליקער ייִנגל, ארויסשווימען פון אונטערן שטייַנערנעם בריקל, רייַטנדיק אויפן טאַטנס ברוינעם פערד...

דעם אַלטן ייִדן האָט זיך פאַרוואָלט ארויסרופן פון זיך די אַמאָליקע ייִנגלשע געננג. ער האָט געפּרוווט אַרייַנשרייַען אין תהום ארייַן, אונטער אים: טאַ־טאַ. דאַן האָט ער אַרויסגעצויגן די ליפּן בכדי צו פייַפן, אָבער די קולות וואָס זייַנען אים געקראָכן פון האַלדז זייַנען אַזוינע ווילדע געווען, אַז בענצען האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס אַ משונהדיק באַשעפעניש זיצט אין זייַנע געדערעם און ברומט פון אים אַרויס...

אויף די וויסטע שטיקער פעלד וואָס האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט צווישן די שיטערע הייזער פון קלייַנעם ייִשוב, אויף די גופים פון די פאַרשפּעטיקטע קי וועלכע האָבן אויפן שפּיץ פון שטעטלשן באַרג פאַראייַנזאַמטע געוואַרט אַז דאָס לערנייַנגל ביים אַלטן פאַסטעך זאָל זיי אָוועקפירן צו זייערע פאַשע־ערטער — איז נאָך געלעגן די גראָקייט פון פאַרטאָג. אין הימל אָבער האָבן זיך געעפנט די טויערן פון ליכט. בענצע האָט דערפילט אַז ווייט, ערגעץ הינטערן רוקן פון קורקלער וועלדער, איז די זון געבאָרן געוואָרן. אין אַ ווייַלע אַרום

האָט ער דערזען די שפּיצן פון אירע שטראַלן אויף די קרוינען פון די הויכעביימער וואָס זיינען, אַזוי האָט זיך אים געדאַכט, אין משך פון זיין לאַנגן לעבן ניט העכער געוואָרן...

פלוצלינג האָט זיך דאָס טייכל אַנגעצונדן. פון אונטער די הויקער־דיקע ווערבעס, אַריבערגעבויגענע מיט צווייגן און בלעטער איבערן וואַסער, איז אַרויסגעשוומען אַ סטאַדע קליינע געגנדזעלעך. די געגנדזעלעך האָבן כסדר געעפנט די קליינע שנאָבלען, געשוויטשערט ווי שוואַלבן און פאַרשפּרייט אַרום זיך דעם אָנזאָג פון אָנקומענדיקן טאָג. אַ פעטע הון איז ארומגעשפּרונגען אין די הויכע גראָזן אויפן ברעג פון טייכל, באַגלייט מיט מוטערלעכע קוואָקטשערייען אירע שווימענדיקע עופעלעך. בענצע האָט צוליב דער שפע ליכט אַראָפּ־געצויגן דאָס שוואַרצע ריפּסענע היטל איבער די אויגן, איבער די אויערן. דאָס געזאַנג פון די יונגע שטוב־פייגלעך אונטן אַרום בריק האָט אים דורכגענומען מיט אַזאַ מתיקות, אַז דער קאָפּ זיינער האָט זיך אַראָפּגעבויגן איבער דעם פאַרענטש, די אויגן האָבן זיך פאַרמאַכט, ער האָט לייכט איינגעדרעמלט.

אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט נאָך די זון געצאַפּלט אין יעדן טראָפּן טוי אויף די קעפּלעך פון די גרעזער, זיך געשפּיגלט אין די גלאַנציקע פליגלען פון די אַרומפליענדיקע פייגל. אין די אָנגע־וואַרעמטע זאַמדן האָבן די הינער געבויט נעסטן, זיך אויסגעזעצט מיט פונאנדערגעשפּרייטע פליגלען פונקט ווי זיי וואָלטן געהאַלטן אין בריען. צווישן די הייזער און מאַגערע, זאַמדיקע גערטענער זיינען די ליידיקע שטאַלן געשטאַנען מיט אויפגעפּראַלטע טויערן, פאַר־געסענע פון די שאָף און רינדער וועלכע האָבן אַוועקגעוואַנדערט צו זוכן שפּייז אויף די ווייטע לאַנקעס.

אויפן ווייסן דאָרפס־וועג, וואָס מען זעט אויף מיילן ווייט דורך אַלע פענצטער פון שטעטל, האָט זיך געררייכערט אַ וואָלקן שטויב. שפּעטער האָט זיך באַוויזן אַ נידעריק פערדל מיט אַ לאַנגער אַראָפּ־הענגענדיקער גריווע און איינגעפאַלענעם רוקן ווי אַ גרוב. דאָס

פערדל האָט געשלעפּט אַ קרעכצנדיק וועגל, געקלאַפּט מיט די אייזערנע פּאָדקעוועס אויפן טרוקענעם זומערדיקן וועג אַזוי אַז די קולות פון זיינע קאָפּיטעס האָבן געקלונגען אין דער שטילקייט אויף וויאָרסטן אַרום.

דאָס היטל איז בענצען געפאַלן נאָך טיפער איבער די אויגן. אָנגעשפּאַרט אויפן שווערן סוקעוואַטן שטעקן, דאָס רעשטל פון זיין טאַטנס ירושה, איז ער געשטאַנען און אָפּגעוואַרט די פּאָסט־פור.

אַז די פּאָסט־פור האָט זיך דערנענטערט צו אים, האָט בענצע אויפגעהויבן דאָס היטל העכער איבער די אויגן און זיך גענייגט אויף די שלאָפע, אַלטע פיס אַנטקעגן דעם פורמאַן מיט דער ביקס אויף דער פּלייצע, וועלכער איז געזעסן הויך אויף דער קעלניע און געפּאָכעט מיט דער בייטש פון צו פיל לאַנגווייל.

בענצע האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָכן וואָגן. זיינע קליינע אייגעלעך, די קנייטשעלעך פון פּנים האָבן געשמייכלט. ער האָט באַוועגט מיט די ליפּן, געוואָלט עפּעס זאָגן, איז אָבער זיין ריידן געוועזן שטיל, ווי דאָס טשעפּטשען פון גראָזן אין שטילן ווינט, אַזוי אַז דעם פּאָסט־גוי האָט זיך געדאַכט, אַז ער טוט תפילה... דער אַלטער האָט אויפגעהויבן דעם שטעקן און געפּרוווט מיט זיין שפּיץ אָנרירן דעם פולן זאַק מיט בריוו וואָס איז געלעגן אין וואָגן אויף אַן אויסבעט פון שטרוי. דער פורמאַן האָט אים אָבער אָפּגעטריבן אַזוי ווי מען טרייבט אָפּ אַן אַלטן זלידנעם פליג...

— נאָ, נאָ — האָט ער געטריבן דאָס פערד און געוואָלט אַנטלויפן פון דער אַלטקייט וואָס האָט אים אָנגעטראָפן אין דער באַגינען־שעה אויפן שטיינערנעם פאַרצייטיקן בריקל.

בענצע האָט זיך געשאַרט אַהיים אויף אַלטע פיס אַריינגעשטעקטע אין וואָליקעס און קאַלאָשן. די טייכן זון־ליכט האָבן אים פאַר־בלענדעט און ער איז פאַרקראָכן אין די זאַמדן צווישן די אויפגע־גראָבענע ערדישע נעסטן פון די שטובּיקע פויגלען. פאַר גרויס פּחד

זיינען זיך די עופות מיט אַ געקוואַקטשעריי און פונאַנדערגעפּנטע פליגלען צעלאָפן פון אים.

ער איז אַריין אין דעם נידעריקן האַלב־חרובן שטיבל וואָס דער זון זיינער, דער בעל־מלאכה, האָט אים אוועקגעגעבן, ער זאָל זיך דאָ אויסלעבן זיינע יאָרן. פון דער פינצטערער, ערדענער פּאָדלאָגע, ווו קליינע זשאַבעס פון דערבייאיקן טייכל זיינען אַרומגעשפּרונגען, האָט געשלאָגן אַ קעלט. די עטלעכע עפּל־און באַרן־ביימער אַרום אָפענעם פענצטערל האָבן אַריינגעשטעקט זייערע לאַנגע צווייגן באַהאַנגענע מיט בלעטער און פרוכט טיף אין קאָמער אַריין. שטומע פאַרבלאָנ־דזשעטע פלאַטערלעך און ברומענדיקע בינען האָבן זיך כסדר אַנגעשלאָגן אָן די באַלקנס פון סופיט, אָן די קלעצער פון די ווענט, און אַזוי לאַנג געזוכט ווו אַרויסצוגיין ביז וואַנען זיי זיינען פאַר־שוווּנדן אין דעם אָפענעם פענצטער.

די שאָטנדיקייט פון שטיבל יאָגט מיט קעלט אויפן אַלטן. ער טוט אָן דעם רויטן שאָפענעם פעלץ מיט וועלכן ער דעקט זיך צו ביינאַכט. אָן עלטערע יידענע טראָגט אים אַריין אַ שיסל מיט אַרבעסענע פאַרפל געקאָכט אין מילך. זי רעדט צו אים אַפילו קיין האַלבן וואָרט ניט אַרויס, ווי זי וואָלט אַריינגעטראָגן שפּייז פאַר אַ שטוביקער חיה... דער אַלטער אָבער לויערט אויף אירע באַוועגונגען מיט אייגעלעך וואָס קוקן קוים אַרויס פון אונטער דעם דאַשעק...

אַז די יידענע גייט אַרויס, נעמט אָן בענצע די ליימענע שיסל מיטביידע ציטערדיקע הענט און דריקט זי לכתחילה צו דער ברוסט פּונקט ווי אימעצער אַ נישט־געזעענער וואָלט געוואָלט ביי אים צורויבן דאָס געקעכטס... זופנדיק דעם וואַרעמען יויך, שמאַקצעט ער מיט די ליפּן. מילך־ריטשקעלעך פליצן פון די מויל־ווינקלען אויף דער שיטערער באָרד וואָס האָט שוין מיט כמה יאָרן צוריק אויפגעהערט צו וואַקסן, אויף דער פאַרשמאַלצענער זשופּיצע און אויפגעשפּילעטע הויזן. די פאַרפל גראַבלט ער צוזאַמען פון שיסל־דעק מיט טעמפּע נעגל, פּאַקט זיי הויפנסווייז אין גאַווערדיקן פּיסק

אַריין. די שלאָפּע יאַסלעס לויפן לכתחילה אַרויף און אַראָפּ. די אויפגעלאָפּענע קנייטשן אויף דער בלאַס־גרינלעכער הויט ציען זיך אָן ווי אָדערן פון אָנשטרענגונג. אין אַ ווײַלע ארום פאַלט אַראָפּ דער קליינער, ביינערדיקער קאָפּ אויף דער ברוסט, די נאָזלעכער פייפן ווי פייפלעך. אַ כראָפּען גייט דורך דעם שטיבל. פון זאַטקייט איז דער אַלטער איינגעשלאָפן ווי אַ זויגקינד.

די הענער און הינער, מידע פון גראָבן מיט די פיסלעך אונטער זיך במשך פון אַ לאַנגן הייסן פרימאָרגן, וואַקלען זיך צו, שיכורע פון זון, צום שוועל פון בענצעס קאַמער און הייבן אָן צו פיקן מיט די שנאָבלען אין די לייכטע ברעטלעך פון דער נידעריקער טיר. זיי לאָזן צו וויסן, אַז זיי ווילן אַריינגיין בכדי זיך אָפּצוקילן אונטערן שאָטן פון אַ דאַך. די עופות ציען אויס די פולע באַפּעדערטע העלדזעלעך און האָרכן זיך איין. קיין איין שאָרך דערגייט אָבער ניט פון אינעווייניק. דאַן שפּרינגען זיי אַרויף אויפן שוועל, גראָבלען מיט די קרומע נעגל אין די ווינקלען פון דער פאַרמאַכטער טיר און גנבענען זיך סוף כל סוף אַריין אין דעם טונקעלן שטיבל.

בענצע שלאָפט אַריבערגעבויגן איבער דער שיסל. ער קוקט איצט אויס ווי געשטאָרבן. ער אָטעמט אַזוי שטיל, אַז די ברוסט הייבט זיך קוים. בלויז די גראָע הערלעך אַרום די מויל־ווינקלען צאַפּלען ווי לעבעדיקע.

די עופות שפּאַצירן אַ ווײַלע אַרום אויף דער ערדענער פּאַדלאָגע, זוכן קוואָקטשענדיק קערנער און ברעקלעך אַרום זיך. דערנאָך זעצן זיך די הינער אויס אויף די פּלעקלעך פון לייטער וואָס פירט אין בוידעם אריין. אַ האָן מיט אַ נאַקעטן האַלדז פליט ארויף אויפן טישל, שטעלט זיך אויפן ראַנד פון דער ליימענער שיסל און פּאַטשט מיט די פליגלען. אַ צווייטער האָן שטעלט זיך אויף בענצעס לינקער פּלייצע און קרייט זיך פונאַנדער.

אַז די זון לויפט אַריבער די גרענעצן פון האַלבן טאָג, כאַפּט זיך דער אַלטער אויף. דורכן פענצטער זעט ער, אַז די זון שטייט שוין

אויף די אייבערשטע צווייגן פון דיביימער. ער מיינט אַז ער איז אָפּגעשלאָפן אַ פולע נאַכט און ער איז ערשט באַגינען אויפגע־שטאַנען. נעמט ער זיך צום גיין דאַוונען. ער ציט אַרויס דעם געלן צעפליקטן טלית פון אונטערן בעט־צוקאָפּנס און באַהאַלט אים אונטערן פעלץ. דורך אַ שמאָלן געסעלע שפּאַנט ער צום מאַרק־צו, די ציצית פון טלית שלעפּן אים זיך נאָך אין שטויב.

דער מאַרקפּלאַץ פון שטעטל ליגט אין קילן שאָטן פון נאָך האַלבן טאָג. די ריי הייזער רינגלען אים אַרום ווי אַ פעסטונג. אויפן שטיינערנעם גאַניק פון לייזער כאַצקלס טויער שלאָפט אויף אַ גאַרב שטרוי אַ ציגיינער. זיינע באָרוועסע פיס זיינען געל ווי ביי אַ מת. אַן אַלטע יידענע שלעפּט אַ ציג פאַר די הערנער, די ציג אָבער רירט זיך ניט פון אָרט פונקט ווי אירע קאַפּיטעס וואָלטן געשלאָגן וואָרצלען אין דער ערד. דער קופּערנער גלאָק אין טורעם פון הילצערנעם קלויסטער כאַפּט זיך אויף פון שלאָף און הייבט אָן קלינגען. דער גלח, אויסגעפּוצט אין אַ פאָלערינע מיט זילבערנע גירליאַנדן שפּאַנט צו אַ גוסס. ער טראָגט אַן אָנגעצונדענעם ליכט אין האַנט און אַ שייגעצל לויפט אים פאָרויס. די פאַווע אין זיין גאָרטן שרייט אים נאָך: קראַו־קראַו. דורך אַלע אָפענע ערטער צווישן די הייזער ווי דורך פענצטער זעט מען ליכטיקע ווייטן אין תבואה־פעלדער וואָס גליווערן אין היץ. נידעריקער, באַרג־אַראָפּ, מישן זיך אויס מיט די הילצערנע שטיבלעך די רויטע מייערלעך פון בית־עולם וואָס ליגט דעם שטעטל צוקאָפּנס. ס׳איז אַזוי שטיל אַז מען הערט ווי די מתים צעפאַלן אין די קברים...

אַן איינגעוויקלטער אין שאָפענעם פעלץ, דאָס היטל אַראָפּגערוקט טיף ביז די אויגן, בלייבט בענצע שטיין. אַ געזעמל יידן מיט שוואַרצע קאָלטענעוואַטע בערד און פּנימער פאַרברוינטע פון זון, ליגן אויפן גראָז אונטערן שאָטן פון דער רויט געפאַרבענער פייערלשער־שטוב אין מיטן מאַרקפּלאַץ. זיי האַלטן שטרויעלעך צווישן די ציינער און קוקן שטילשווייגנדיקע אויף בענצען.

— ער שלאָפט שטייענדיקערהייט ווי אַ פערד, דער עובר־בטל — זאָגט איינער פון די יידן און זיין בליק בלאָנדזשעט אום צווישן די מצבות פון אַלטן בית־עולם.

— מען וועט באַלד הערן איבערן גאַנצן מאַרק זיין כראָפּען...

— קומט, לאָמיר זען צי ער גוססט ניט שטייענדיקערהייט... — שמייכלט איינער און הערט גלייך אויף.

די יידן באַקוקן דעם אַלטן ווי מען באַקוקט אַן אַלטע, קראַנקע חיה. זיי ציען ארויס דעם טלית פון אונטער זיין פעלץ.

— דער עובר־בטל האָט געמיינט אַז ס׳איז איצט באַגינען. ער פאַרשטייט זיך שוין ניט אויף דעם גאַנג פון דער זון — זאָגן זיי און ציילן מיט די בליקן די ריסן אין טלית.

— אַ טלית ווי אַ זיפּ. ער וועט אין קבר גלייך צעשאָטן ווערן...

בענצע שאַרט מיט די פיס, ער גרייט זיך צו גיין, ער טשעפּטשעט עפּעס מיט די ליפּן, אָבער מען הערט אים ניט. איינער אַ ייד נייגט צו אַן אויער צו זיינע ליפּן וואָס באַוועגן זיך קוים. ער פאַרנעמט ווערטער: ר׳ יאַנקל, ר׳ יאַנקל...

— דער עובר־בטל וויל גיין צום אַלטן רבס קבר. לאָמיר זען וואָס ער וועט טאָן.

די יידן שטייען אין אַ געזעמל און קוקן. דער אַלטער בענצע שלעפּט זיך באַרג־אַראָפּ דורך דעם זאַמדיקן געסעלע וואָס פירט צום אַלטן בית־עולם. זיינע פיס איינגעוויקלטע אין וואליקעס, שאַרן זיך אין זאַמד און הייבן אויף אַ שטויב ווי די קאפּיטעס פון פאַר־מאַטערטע שאָף וואָס קערן זיך אום פאַרנאַכט פון פעלד.

הויך אין דער לופט וויגט זיך פאַמעלעך אַ כאָפּטע קראָען, שלאָפע פון היץ, זיי שרייען, זיי טראָגן אין זייערע שנאָבלען די בשורה אַז די זון נייגט זיך שוין צום מערב.

# אברהם מאפו

...עיר קובנה עודנה עתיקה...
...די שטאט קאָוונע איז נאך פאַרצייטיק...
(פון א. מאַפּוס אַ בריוו)

סיווע פערד, קלאָרע ווי מילך, האָבן געפירט אַ דיליזשאַנס איבער אַ האַרטן פארפראָרענעם וועג. די ברייטע רעדער, באַשלאָגענע מיט אויסגעשייערטע שינעס ווי זילבער האָבן אונטערגעפייפט, זיך קייקלענדיק איבערן שניי. די רונדע, קליינע פענצטערלעך אין די זייטן און אין רוקן פון דיליזשאַנס־בויד זיינען געווען באוואקסן מיט פראָסט. דורך זיי האָבן ארויסגעקוקט די פנימער פון די פאָרנדיקע לייט ווי פנימער וואָס קוקן פון הינטער שלייערן ארויס. די פערד זיינען צו ביסלעך אונטערגעלאָפן. פון זייערע אויפגעריסענע נאָז־לעכער ווי קליינע היילן, האָט געשלאָגן אַ דינער רויך אין דער לופט פון אָנקומענדיקן אָוונט. און פון די גומענס פון די קופּערנע גלעקלעך אויף די באַוואָקסענע העלדזער פון די בהמות, האָבן געטראָפּנט איינציקע שלעפעריקע קלאַנגען.

דער דיליזשאַנס האָט זיך געהויבן בערגל־אַרויף און בערגל־אַראָפּ אויף אַ וועג וואָס ציט זיך דורך פארשנייטע, פלאכע געגנטן. אויף אַ ווייטקייט פון וויאָרסטן האָט דאָס אויג קוים אָנגעצײלט עטלעכע לענגלעכע ווייסע היגלען וואָס האָבן געהאַט דעם אָנבליק פון אייער וואָס אַ פויגל אַ ריז האָט אויסגעלייגט. צופוסנס פון די ווייטע האָרי־זאָנטן האָבן געבלויט וועלדער ווי געדיכטע רויכן. שוואַרצע, קליינע ביימער־טשערעדעס זיינען צו מאָל אָנגעלאָפן ביים ראַנד פון וועג. זיי זיינען געווען אזוי שיטער, אַז צווישן זייערע צווייגן און שטאַמען

זיינען געהאַנגען פייערדיקע ריטער פון דער זון וואָס האלט זיך אין
זעצן און ליגט שוין מיט אַ האַלב־ברענענדיקן גוף איינגעגראָבן אין
דער ווייטער, פאַרשנייטער ערד.

דער בין־השמשות וואָס האָט זיך לאַנג געצויגן, האָט באַגלייט די
דיליזשאַנס־בויד אויף אַ גרויסן מרחק. שטיל, מיט ציטערדיקע נאָז־
לעכער און טריט ווי אַ חיה איז די נאַכט געקראָכן פון איר נאָרע.
אַ פויער, אַ לייב־אייגענער, אַ פאַרקויפטער צו אַ רייכן מאַגנאַט אין
לאַנד, האָט פאַרבייגעשלייכט אַ געבויגענער אונטערן יאָך פון דעם
פינצטערניש. אויף זיין רוקן האָט ער געטראָגן צווייגן ווי אַ בינטל
שאַטנס. די ווילדע, לאַנגע האָר פון זיין אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, וואָס
דער פריץ האָט צוליב דעם פויערס אַ זינד באַפוילן זיי יאָרן לאַנג
ניט אונטערצושערן — האָבן זיך אויסגעמישט מיט די קרומע צווייגן
וואָס האָבן אויף אים געלאַסטעט. אַלטע וואַנדערער וועלכע האָבן ליב
די פרעסטלעך ווי די קראָען, האָבן געשפּאַנט, זיך אָנשפּאַרנדיק אויף
לאַנגע, דיקע וויצעס. זיי האָבן זיך איינע די אנדערע פאַרטרויט די
אויסטערלישע נייס, אַז דער קייסער האָט באַפוילן אויסצוהאַקן יונגע
ביימער, זיי אָפּצושינדן און נאָך דעם זיי אויסצושטעלן ביי די שליאַכן.
אויף די נאַקעטע קלעצער וועלן אָנגעצויגן דראָטן ווי סטרונעס. דורך
די דאָזיקע דראָטן שטראָמען אותיות־ווערטער פון איין עק וועלט
ביז דעם אַנדערן עק וועלט. די אַלטע לייט זיינען צו פוס געגאַנגען
אָנקוקן דעם ווונדער. אין זייערע שלאַפע הענט וואָס האַלטן שוין
ביים אָוועקלייגן די הילצערנע לעפל, האָט געפיבערט דער באַגער
אָנצוטאַפּן די לעבעדיקע דראָטן, צוצולייגן אַן אויער צו די טעלעגראַף־
סלופּעס וואָס ברומען אַזוי סודותדיק...

פון גרויס אומגעדולד האָבן די וואַנדערער כסדר גערייכערט און
געשפּיגן, גערייכערט און גערעדט. די, ביי וועמען די לאַנגע טשיבוק־
ליולקעס האָבן זיך אויסגעלאָשן, האָבן זיך אין געזעמלעך געקליבן
ביי די שיידוועגן. ביי די איינזאַמע, הילצערנע צלמים האָבן זיך די
וואַנדערער צונויפגעטראָפן. זיי זיינען געפאַלן אויף די קני אין שניי

און געקלאַפּט אַ שטיין אָן אַ שטיין. דאַן האָבן זיי געזאָגט שפּרוכן, זיך איבערגעבעטן מיט די פאַרעקשנטע שטיקער חומר ווי זייערע אור־טאַטעס. נאָך לאַנגע געבורט־ווייען זיינען פון די שטיינער אַרויס־געשפּרונגען קליינע פלעמלעך. גיך אָבער האָט זיי די נאַכט איינ־געשלונגען. פייער איז טייער געווען ווי גאָלד. שוועבעלעך האָט מען געצונדן בלויז אין די שטעט און אין די קלויסטערס. אין די דערפער האָט מען פון זיי געהערט ווי פון כּישוף ביי גליאיקע, ליימענע אויוונס.

אַז ס׳איז גוט פינצטער געוואָרן, האָט זיך דער דיליזשאַנס אָפּגע־שטעלט. בערציק שמייסער, אַן אָנגעפּעלצטער אין צענערליי בגדים, האָט זיך ווי אַ פאַס אַראָפּגעקייקלט פון דער הויכער קעלניע, וואָס איז געווען באַשירעמט מיט אַ בלעכענעם דעכל. ער האָט געעפנט אַ סיר אין זיין וואָגן און אריינגעשריען אין דער פינצטערער בויד, ווי אין אַ טויבן אויער אריין:

— ס׳איז רעכטע צייט צו דאַוונען מעריב. דאָס פינצטערניש קען מען שוין אָנטאָפּן מיט די הענט.

אין בויד איז געווען וואַרעם ווי אין אַ שלאָפנדיקער אכסניה. פויל זיינען די יידן ארויסגעשטיגן און אריינגעפאַלן אין די קאַלטע אָרעמס פון דער נאַכט. אַלע זיינען זיי געגאַנגען אָנגעטאָן אין איין סאָרט מלבושים ווי די זעלנער: לאַנגע מאַנטלען ביז דער ערד אזוי אז די נעז פון די שטיוול האָבן זיך קוים ארויסגעזען. הויך אויף די קעפּ זיינען געשטאַנען באַראַשקענע היטלען ווי טורעמלעך. די נגידים האָבן אויף זיך געטראָגן שווערע פעלצן אויסגעבעטע מיט פוקסן־פעלן פון גאַנצע וועלדער. די העלדזער זיינען ביי אלעמען געווען אַרומ־געוויקלט מיט טיכער רויטע ווי בלוט.

דער דיליזשאַנס וואָס האָט זיך געקייקלט פון טיף זאַמעט צו די קהילות וויליאַמפּאָל * און קאָוונע, איז ווי אַ מילגרוים פול געווען מיט כלערליי יידן. אַן אלטער געניטער מוהל, וואָס דער חלף האָט

* ווילִיאַמפּאָל — די ווילִיע־שטאָט. אזוי האָט געהייסן די פאַרשטאָט סלאָ־באָדקע ביי קאָוונע אין אַלטע צייטן.

געשפּילט אין זײַנע הענט װי דער סמיטשיק בײַ אַ גוטן פֿידלער און װעלכער האָט שױן אַרײַנגעבראַכט האַלב זאַמעט ייִדן אין בונד פֿון אַברהם אבינו — איז עקסטרע געפֿאָרן צום ברית פֿון אַ גרױסן ניכבד אין קאָװנע. װײַבער װאָס זײערע טעכטער דאַרפֿן אין מיטן װינטער אַרױפֿגײן אױפֿן ברוכשטול און געלעגן װערן, האָבן מיט זיך געפֿירט מלבושים פֿאַר זויג־קינדער, קופּערנע טעפּ מיט טײגלעך, לײמענע טעפּ מיט פֿלעצלעך און אינגבערלעך, געלע װי װאַקס. אין הילצערנע עמער האָבן זיך געװױקט אין עסיק געמאַרינירטע „אַנטאָן"־עפּל װאָס האָבן פֿאַרמאָגט אַ פֿריש פּנים, װי אָקערשט פֿון בױם אַראָפּגעריסן. שטאַרקע װײַנען, אַרױסגעגראָבענע פֿון דער ערד, װאָס האָבן יאָרן לאַנג די זון ניט אָנגעזען, האָבן אָנגעפֿילט גרױסע בײַכיקע פֿלעשער. די פֿלעשער זײַנען װי קראַנקע קינדער געלעגן אײַנגעװיקלט אין גרינע, שװערע פּאַטשײלעס, כּדי גױישע בליקן זאָלן זײ ניט אָנרירן און זײ ניט טרײף מאַכן פֿאַרן ייִדישן גומען. װי בערן זײַנען די װײַבער אָפּגעשלאָפֿן במשך פֿון דער גאַנצער נסיעה. אױפֿגעכאַפּט האָבן זײ זיך נאָר װען דער דיליזשאַנס האָט אָנגעטראָפֿן אַ גרױסן שטײן אין װעג און די טעפּ זיסיקײטן אונטער זײערע קרינאָלינעס האָבן זיך פֿונאַנדערגעקלונגען, אָדער װען דאָס ליכט פֿון אַן אכסניה האָט זיך אַרײַנגעריסן אין דעם פֿינצטערניש פֿון בױד.

פֿון קלײנע, װײַטע שטעטלעך זײַנען געפֿאָרן לומדים װעלכע זײַנען געזעסן פֿאַרזונקען אין געדאַנקען און כּסדר געקעמט מיט די פֿינגער די בערד, װאָס זײַנען גרױ געװען װי אַש, אָדער געביסן זײערע שפּיצן. זײ האָבן געגאַרט אָפּצושטעקן אַ שלום־עליכם װיליאַמפּאָלער און קאָװנער לערנער, װי אױך צו װאַכן אַ פּאָר נעכט בײַ דער גמרא אין ר' אלינקע ראַגאָלערס * גרױסער ישיבה. װאַלד־סוחרים און גרױסע תבואה־הענדלער, באַהאַלטענע „בערלינציקעס" (משכּילים) מיט גלאַנציקע, שײנע בערד און גאָלדענע פּענסנע אױף די אײדעלע,

* אלינקע ראַגאָלער — באַרימטער װיליאַמפּאָלער רב אין די ערשטע צענד־ליקער פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט.

דינע נעז, אָנגעקליידט אין קורצע מאַנטלען ביז די קני, האָבן זיך געצויגן קיין פּרייסן. אונטערוועגס האָבן זיי זיך אויך געטראָפן מיט אברהם מאַפּו און קאָוונער משכּילים.

אין די שנייען פון די פעלדער וואָס האָבן מיט אַ ליכטיק אויג אַרויפגעקוקט צו דער נאַכט, האָבן די מאַנסבילן געטובלט זייערע פינגערשפּיצן. דער שמייסער האָט געטריבן די פערד פאָרויס. אומעטיקע, מיט פאָרכט אין די בליקן זיינען די יידן נאָכגעגאַנגען די דיליזשאַנס־בויד ווי נאָך אַן ארון. זייערע ליפּן האָבן זיך באַוועגט, אָבער זייער קול האָט זיך קוים געהערט, ווי אימעצער וואָס פאַרטרויט דעם אַנדערן אַ סוד אויפן אויער... זיי זיינען געשטאַנען ביי די פאַרמאַכטע טויערן פון טאָג און מתפּלל געווען מיט שטילן געיאָמער:

— „והוא רחום... און ער איז אַ דערבאַרעמדיקער... יכפּר עוון... ער וועט פאַרגעבן זינד... ולא ישחית... און ער וועט ניט טאָן פאַרדאַרבן און ער מערט אָפּצווענדן זיין כעס און ער וועט ניט אויפוועקן זיין גאַנצן גרימצאָרן. גאָט, העלף; דער קעניג וועט אונז ענטפערן אין טאָג ווען מיר וועלן אים רופן...”

אין ווילִיאַמפּאָלע אין דער דיליזשאַנס אריינגעפאָרן אַ שטיק צייט נאָך מעריב. די הייזער, די גאַסן זיינען געווען איינגעהילט אין פינצטערניש. די גלעזערנע לאַמטערנעס אויף די נידעריקע, פאַרביקע סלופּעס זיינען געשטאַנען פאַרגעסענע, בלינדע ביי די ראָגן, פונקט ווי די נאַכט וואָלט אויסגעוואָרגן אלע פייערן. אַז די בויד האָט אָנגעהויבן אומצושפּרינגען אויף די שפּיציקע, הויקערדיקע שטיינער פון ברוק, האָבן די בלעכענע גלעקלעך פון די געוועלבער אָנגעהויבן צו קלינגען. יונגע מיידלעך מיט שוואַרצע שאַלן אויף די אויפּגעכוואַליעטע האָר, שוואַרצע טיפע רינגען אונטער די אויגן און צעפּ ביז די לענדן, האָבן זיך באַוויזן מיט וואקסענע ליכט ביי די שוועלן פון די קרעמלעך. זיי האָבן אויסגעצויגן דאַרע העלדזער באַהאַנגען מיט גילדערנע קייטלעך און מאַדעליאָנען. אויפן פּאָן פון יונג־פּרויאישן בלוטלאָזן לייב האָט דאָס גאָלד געוועלקט, אָפּגעגעבן אַ קרענק־

לעכן שימער אונטער די דינע שטראַלן פון די ברענענדיקע וואַקסענע ליכט. די מיידלעך האָבן טיף אריינגעקוקט אין דעם פינצטערניש און באַגלייט מיט די אויגן די שוואַרצע בויד וואָס טראָגט אַ פולע בויך מיט לייט פון ווייטן זאַמעט. אַלטע יידן, מיט שוואַרצע אַטלאָסענע היטלען אויף די ליסע קעפּ, די פּנימער איינגעוויקלט אין ווייסע, ווילד־צעוואַקסענע בערד וואָס זיינען אַזש פאַרקראָכן אין די אויגן, אין די נאָזלעכער, אין די אויערן, האָבן ארויסגעקוקט פון הויכע בוידעם־שטיבלעך און די פּלעמלעך פון די אָנגעצונדענע שפּענער אין זייערע שלאָפע הענט האָבן פון אַהינטער די קליינע שייבלעך פאַר־בענקט געציטערט ווי פייער־צינגלעך פון יאָרצייט־ליכט.

דער דיליזשאַנס האָט זיך אָפּגעשטעלט אין דער אלטער אכסניה לעבן אבא־כאַצקלס קלויז. די סוחרים זיינען ארויסגעשטיגן און אַוועק־געגאַנגען אין קאָוונע. אַ בייכיקער ייד אין אַ פאַרשמאָלצענער, ריפּ־סענער קאַפּאָטע, אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ, האָט געהויבן דעם לאַמטערן נאָנט צו די אויגן און שטום זיך צוגעקוקט ווי אַזוי די בויד ליידיקט זיך אויס.

— אַ גוטן אָוונט, באַלעבאָס — האָבן די ווייבער צוגעשריען צו דעם לאַמטערן און יידן צו גלייך, די לומדים אָבער האָבן געזאָגט זייער „גוטן אָוונט" מיט אַ לייכטן שאָקל מיטן קאָפּ.

— אַ גוטן אָוונט, אַ גוט יאָר, עליכם ועל בניכם! (אויף אייך און אויף אייערע קינדער) — האָט דער ייד אַרונטערגעלאָזן דעם לאַמטערן ביז אונטער די לענדן אַזוי אז די שאָטנס האָבן זיך אָנגעהויבן פּרוכּפּערן און פלעכטן ארום די פיס.

די אורחים האָבן געקושט די גרויסע מזוזה וואָס איז געווען אין אַ קופּערנעם שייד צוגענאָגלט צום אושאָק פון טיר און אַריינגעגאַנגען אין דער אכסניה.

די אכסניה איז געווען שוואַך באַלויכטן. הויך איבערן קאָפּ זיינען געהאָנגען דיקע שפּין־געוועבן ווי שוואַרצע בערד. פון אלע לעכער און שפּאלטן זיינען די שפּין־געוועבן ארויסגעוואַקסן ווי פינצטערע

מאָך, אזוי אַז ס׳האָט זיך געדאכט אז ניט בלויז שפּינען באַהאַלטן זיך אויס אין זיי, ביירערט אויך שלענג און רוחות־רעות וואָס לויערן אויפן מענטשנס לעבן... אונטער דעם סופיט, וואָס איז געווען פאררייכערט פון וואָקסענע ליכט און פארצערטע, שטאַרקע טאַבאַקן אין די טשיביק־ליולקעס, האָבן זיך געקרייצט שווערע באַלקנס. אין די ליידיקע ערטער צווישן די באַלקנס האָבן געשטעקט ספרימלעך פון רבנים וואָס אפילו זייערע קברים זיינען שוין אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד, הילצערנע טינטערס און אויסגענוצטע גענדזענע פעדערס פון פריערדיקע דורות. פון סופיט זיינען אַראָפּגעהאַנגען ציבעלעס־קרענץ, קרענץ פון געטריקנטע עפּל און פּולע תפילין־זעקלעך פאַר לייט וואָס האָבן ניט זייערע תפילין אונטערוועגס.

די אורחים האָבן זיך אויסגעזעצט ארום אַ טיש וואָס איז געווען באַקעס און לאנג ווי אַ טהרה־ברעט. אין אַ קעסטל מיט זאַמד איז געשטאַנען אריינגעשטעקט אַ געל־געפלאָכטן הבדלה־ליכט ווי אַ פייערדיקער בוים און געשפּיגלט זיין צעשויבערטן, צעשראָקענעם פלאַם אין קופּערנעם כיור, וואָס איז געווען אַריינגעמויערט אין אַ לאָך פון וואַנט, אין קופּערנעם שווערן שעפּער מיט די גרויסע אויערן, ווי אויך אין מעשענעם רונדן שפּיגל וואָס איז געהאַנגען אויף קייטן אויף דער וואַנט און געוויזן צעשוווּמענע פארנעפּלטע פּנימער ווי סילועטן אין א טייך... אַרום די ווענט זיינען געשטאַנען ברייטע בענק, — געלעגערס פאַר די אורחים אויף דער נאַכט.

די מאַנסבילן און ווייבער האָבן געגעסן גריבענעס מיט געהאַקטע הינערשע לעבערלעך, פלייש־קניידלעך געקאָכט אין אַ ראָסל־יויך. פון חשיבות וועגן האָבן אָבער די לומדים אונטערגעלענט דאָס האַרץ בלויז מיט צוקערקיכלעך, געהאַקטע הערינג און קליינע קעלישאָקלעך בראַנפן. נאָכן עסן האָבן זיי גאָטספאָרכטיק געבענטשט. נאָכדעם האָבן זיי געשפּאַנט הין און צוריק אויף דער ערדענער פּאָדלאָגע, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן און געברומט רעשטלעך פון פארגעסענע ניגונים. פון מאָל האָבן זיי אויך געקעמט מיט די פינגער די בערד,

קאַרג געוועז אויפן וואָרט און אָוועקגעגאַנגען שטיל־שוויַיגנדיקע שלאָפן אין די טיפע פּינצטערע פליגלען פון דער אכסניה.

בערציק שמייסער האָט אריינגעפירט די פערד און די בויד אין די שטאַלן. דעם בייטש־שטעקל האָט ער אריינגעוואָרפן אין ווינקל צווישן די שאָטנס און זיך גענומען אויסטאָן. זיינע גלידער זיינען אָבער געווען אָנגעגאָסן מיט מידקייט ווי מיט בליי.

— צי פון מיר אַראָפּ די מלבושים — האָט ער זיך געבעטן ביים באַלעבאָס — איך ליג אין די מלבושים ווי אין אַ שווערער, בערישער פעל.

— ווי עס ווייזט אויס, איז נאָך אין זאָמעט גרויסער זומער, אַז דו ביסט געפאָרן מיט רעדער און ניט מיט קיין שליטן — האָט דער באַלעבאָס גערעדט צום ברייטן צעקנייטשטן קאָרק פון בעל־עגלה און פון אים געשוונדן די מלבושים אזוי ווי מען שינדט די קאָרע־הויט פון אַן אַלטן צעוואָקסענעם שטאָם.

— אין זאָמעט זיינען די פרעסט טרוקן ווי עלפאַנטביין. שניי איז אפילו אויף אַ רפואה ניטאָ. טאָ ווער האָט געקענט אויסרעכענען, אַז אייער געגנט טרינקט זיך שוין אין שנייען.

— ווייזט אויס — האָט ארויסגערעדט פון צווישן שאָטנס אַ יידענע מיט אַ ברייטן האָרבאַנד ווי אַ קישן אויפן קאָפּ, — ווייזט אויס, אַז די נעסט פון די פרעסט איז זאמעט און פון דאָרטן צעלויפן זיי זיך ווי וועלף איבער דער געגנט.

— און וואָס הערט זיך אין אייערע קאַנטן מיט השכלה — האָט דער באַלעבאָס פאַרריכט די יארמלקע אויפן קאָפּ און זיך געווענדעט צו בערציק שמייסער, וועלכער איז געלעגן אויף זיין געלעגער און אָנגעהויבן זינקען ווי אַ שטיין אין טיפקייטן פון שלאָף — ביי אונדז איז גרויסע צרות. מאַפּקע, ימח שמו, ליגט זומערצייט אין די אַלעקסאָטער בערג און שרייבט אַפּיקורסישע מגילות. אַנומלט פאַרנדיק מיט א שיף אויפן ניעמאַן, האָב איך אים געזען זיצן אויפן שפּיץ באַרג צווישן ביימער ווי א פויגל... אַ פחד האָט מיך אַזש אָנגענומען

ווען איך האָב אַרויפגעקוקט צו אים, און איך האָב אויסגעשפּיגן דריי מאָל וויביים אָנבליק פון אַ צלם...

— מען זאָגט, — האָט בערציק געעפנט אויגן פאַרנעפּלטע פון שלאָף — מען זאָגט אַז די משכילים שערן זיך אין געהיים די בערד. אין זשאַגער און אין ראַסיין קלייבן זיי זיך צוזאמען קאָמפּאַניעסווייז ביי די דאָקטוירים און אַפּטייקערס און לערנען זיך ווי צו גיין אָן היטלען. מ׳זאָגט, אַז זיי שילטן, לא עלינו, דעם אייבערשטן...

דער באַלעבאָס האָט פאַרענדיקט זאָגן די קאַפּיטלעך תהילים פון יום. דער תהילים האָט אין זיין מויל געברומט ווי אַ קראַנקע טויב.

אַז די אויגן־לעפּלעך האָבן זיך ענדלעך ביי אים אָנגעהויבן קלעפּן, האָט ער מיט צוויי פינגער אַראָפּגעקנייפּט דאָס פייער־קעפּל פון ליכט.

פינצטערניש האָט זיך אויסגעלייגט אין דער געראַמער שטוב. אַ לייכטער טשאַד פון אַן אָקערשט פאַרלאָשענעם וואָקסליכט האָט זיך פאַרשפּרייט אין חלל.

*

אין די „גלחישע געוועלבער״ — טיפע, אומהיימלעכע קאַמערן וואָס זיינען ווי נישעס געלעגן איינגעגראָבן אין די שטיינערנע געדערעם פון הויכן, ווייסן פלויט ארום דער פאַרצייטיקער קאָוונער באַזיליקע (קלויסטער), אין די וואַרשטאַטן וווּ מען בויט טרונעס און מען שמידט שווערע אייזערנע צלמים פאַר קברים, איז דער פריאיקער ווינטעראָוונט געהאַנגען ווי אַ שפּין און אָנגעגאָסן די מיילער פון די אָפענע טרונעס מיט פינצטערניש, צוגעדעקט מיט זיינע געוועבן די גיפּסענע פיגורן פון די בערדיקע אַפּאָסטאָלן, דעם געלן, פאַרפּייניקטן לייב פון גאָטס זון וועלכער איז געהאַנגען אויף ווייסע, מירמלשטיינערנע קרייצן און פאַר איטלעכן נייעם בליק געוויזן זיינע ווונדן, אָפּגעגאַנגען מיט זאַפטיקן, קאַרשן־קאַליריקן בלוט. שוואַרצע לוויה־פענער מיט ווייסע שאַרבנס און טויטן־ביינער סאַמע אין זייער מיטן און אין די ווינקלען, לאַמטערנעס מיט גרינע,

בלויע און רויטע שויבן, אויסגעהאַפּטענע גאַרטלען, סאַמעטענע היט, מיצן און מאַנטלען פאַר גלחים, — האָבן אַראָפּגעקוקט פון די אויס־געבויגענע סופיטן, פון די ווענט, און עלטערע נאָנעס פון פּאַזשייסלער מאָנאַסטיר * מיט געזונטע, ראָזע פּנימער ווי ביי יונגע מיידלעך, האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט צווישן ריחות פון ווייערעך, פון לאַנגע, געלע ליכט איינגעוויקלטע אין פּאַפּירענע העמדער, צווישן די שאַטנס וואָס זיינען געפאַלן פון די לוויה־פּענער און זייערע לאַנגע, צעשויבערטע קליידער האָבן טרוקן און געהיימענישפול גערוישט ווי פאַרוועלקטע בלעטער אין האַרבסטיקע וועלדער.

הויך איבערן קאָפּ פון דער נאַכט וואָס האָט געהאַלטן אין אַריינ־קומען אין שטאָט, האָט זיך געשאָקלט דער גרויסער, שווערלייביקער גלאָק פון דער באַזיליקע. סטאַיעס קראָען, וועלכע נעסטיקן אַ גאַנצן ווינטער אין הויכן טורעם פון קלויסטער, האָבן אין פּחד פאַר די ברומענדיקע קולות זיך צעשאָטן מיט געשרייען איבער די ייִדישע גאַסן וואָס שלענגלען און קנוילן זיך אויפן שמאָלן האַלבאינדזל ביי די געלעגערס פון די טייכן ניעמאַן און ווילִיע, ביי דעם אייביק אויפ־געפּראַלטן טויער פון פאַרצייטיקן שלאָס, ווו יעדער שטיין זיינער איז צען מאָל שווער צוליב די טריט פון יאָרהונדערטער וואָס לאָסטן אויף אים.

איבערן פאַרשנייטן, שטאַרק משופּעדיקן דאַך פון אברהם מאַפּוס היים האָט אַ מחנה קראָען אַרומגעקרייזט אין גרויסע רעדער און כסדר געשריען. די גלאָקן־קלאַנגען וואָס זיינען אין זיין שטוב געקומען צו גאַסט אַלע ערב נאַכט, זיינען אַריינגעדרונגען דורכן קרומען סופיט, דורך די דיקע ווענט, דורך די שמאָלע, געוועלבטע פענצטער, וואָס האָבן אין זייערע ראַמען געהאַלטן געפאַנגען די ווייסע אַלעקסאָטער בערג. דער טיפער אומרו פון די קולות האָט זיך געלייגט אין די קופּערנע כלים, אין די ליימענע פּרוכטקוישן, אויפן הויכן, פּיר־

* פּאַזשייסלער מאָנאַסטיר — אַן אַלטער מאָנאַסטיר אַרום קאָוונע.

שטאָקיקן קאָמאָד. ווי אַ ברומענדיקע חיה איז דער גלאָק געגאנגען דורך די טונקעלע חדרים.

אברהם מאַפּו האָט אַרומגעשפּאַנט אַ פּארזאָרגטער אין זיין שרייב־קאָמער. ער האָט געוואָרפן לאנגע, פארחלומטע בליקן אויף מיכה יוסף לעווענסאָנס הענגענדיקן בילד וועמען די הענט פון אָוונט האָבן ביסלעכווייז פאַרהילט אין שוואַרצע שלייערן... דאן האָט ער גענענט צום שרייבטיש, גענומען אין דער האַנט אריין די פּען, באַקוקט דעם שטאָלענעם שנאָבל וואָס איז פאַרפלעקט אין טינט, זי צוריק אַוועק־געלייגט און צוריק גענומען, אזוי אז דאָס קליינע האַלטער־שטעקל האָט געפּיבערט צווישן די בלאַסע, שפּיציקע פינגער, געלעבט מיטן פאַרהוילענעם אומרו פון דיכטער...

ער האָט זיך באַוועגט עטלעכע טריט פאָרויס און זיך אָפּגעשטעלט. אויף זיין שטערן, אויפגעטורעמט ווי אַ ליכטיקער באַרג איבערן לענגלעכן טונקעלן פּנים, האָט געשוועבט אַן אומעטיקע פאַרקלערט־קייט. די שוואַרצע, לאנגע באָרד זיינע וואָס איז במשך פון די צענדליקער יאָרן אַרבעט איבער די ווערק „אהבת ציון" (די ליבע אין ציון), „אשמת שומרון" (די זינד פון שומרון), „חוזי חזיונות" (די וויזיעס־זעער), צוזאַמען מיט די מאַנוסקריפּטן רייך און געדיכט געוואַקסן — האָט ער אונטערגעטראָגן נאָענט צו די אויגן, פונקט ווי ער וואָלט בדעה געהאַט צו פאָרשן צי עס האָבן זיך ניט פאַרפלאָנטערט קיין גלאָקן־קלאַנגען אין די געדיכטענישן פון די האָר. פאַר אַן אָפענעם, אין וואַנט אריינגעבויטן ספרים־אַלמער, פול מיט תנ"כן אין לשון־קודש, לאַטיין, דייטש און פראנצייזיש, איז ער געבליבן שטיין אַ געבויגענער אונטער דער לאַסט פון צווייפלען און פיינלעכע מחשבותן ווי אַ וואַנדערער פאַר די טויערן פון אַן אלטער, ווונדער־לעכער שטאָט... ער האָט ארויסגעצויגן אַ בייכיקן ספר, אים אויפ־געהויבן נאָענט צו די אויגן, צו דער דינער, בלאַסער נאָז, אזוי אז עס האָט זיך געדאַכט, אז ער וויל ניט בלויז אַרויסשיילן די ווערטער פון דער פינצטערניש וואָס לייגט זיך איבער די גרינע בלעטער ווי גלאָז,

בייערט ער באַגערט אויך אריינצוזאָטעמען דעם הייסן אָטעם פון די נביאים וואָס פלאַטערט ווי אַ באַרגפויגל צווישן די צווייגן און קרוינען פון די אותיות.

דורך דער האַלב־אָפענער טיר פון זיין שרייבקאַמער האָט ער באַמערקט ווי די הענט פון זיין פרוי מיען זיך איינצופלאַנצן פייער אין דעם גרינעם, שיינעם לאָמפ מיט דעם קופערנעם פוס וואָס ער האָט געקראָגן אַ געשאַנק פון זיינעם אַ פאַרערער אין פּרייסן. ער האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעקוקט ווי אַזוי דאָס פלעמל בייסט זיך אריין אין קנויט און ברענט פרום און איינגעהאַלטן ווי פייער אויף אַ קליינעם מזבח וואָס מען האָט אויפגעשטעלט לכבוד דעם גאָט פון דער נאַכט.

די קליינע טאָכטער זיינע, דאָראָטעאַ, מיט אַ קאָפּ בלאָנדע לאָקן ווי גאָלדענע, ציטערדיקע גלעקלעך, איז אריינגעשפּרונגען אַ לוסטיקע מיט גרויסן פון אָנגעצונדענעם לאָמפּ אין די לאַכנדיקע, קינדערשע אויגן. זי האָט ארומגענומען דעם פאָטערס פיס און געטוליעט דעם קאָפּ צו זיינע קני.

— פאָטער, — האָט זי געזאָגט — פאָטער, עס איז שוין ליכטיק. דאָס פּייערל פון לאָמפּ האָט ארויסגעטריבן די אומעטיקע גלאָקן־קולות פון דער היים.

מאָפּו איז געשטאַנען אין דער טונקעלער שרייבקאַמער און געגלעט די ווייכע, וואַרעמע גאָלדפעדעם פון קינדערשן קאָפּ. אַ שטילער שמייכל האָט זיך געצונדן אויף זיינע דינע ליפּן. אים האָט שטאַרק הנאה געטאָן די מוזיקאַלישקייט פון די דייטשע ווערטער אין זיין טאָכטערס מויל.

ער האָט זי גענומען אויף דער האַנט און געקושט. זיינע דלאָניעס האָט ער געפירט איבער דער גלאַטקייט פון איר פנים, פון איר יונגן לייב און דערפילט אויף זיינע האַנטפלאַכן די וואַרעמקייט פון זיין אייגענער, אַמאָליקער יוגנט.

— מיר וועלן היינט צינדן אַ יאָרצייט־פייער — זיינען זיינע ווער־טער געגאַנגען שטיל און פאַרחלומט צו די אויערן פון זיין טאָכטער

בשעת די אומרויקע בליקן זיינע האָבן זיך געריסן דורכן שמאָלן פענצטער, געבלאָנדזשעט אין די אַלעקסאָטער בערג — גיי בעט ביי דער מוטער אַ קריגעלע בוימל.

דאָס קינד האָט אוועקגעפלאָטערט ווי אַ זומער־פייגעלע צו דער האַלבער שטוב וואָס באָדט זיך שוין אין ליכט און מאַפּו איז געבליבן מיט זיך, מיט די ספרים און מיט דער נאכט אין שרייבקאַמער.

ער איז געבליבן שטיין מיט פאַרשלאָסענע אויגן. דאָס געשטאַלט פון מיכה יוסף לעווענסאָן, וועמענס יאָרצייט עס פאַלט היינט אויס, האָט אויפגעשפּראָצט אין זיין געמיט ווי א יונגע, שיינע לבנה אויף אַ ווייטן הימל... לכתחילה האָט דאָס געשטאַלט צו אים געשמייכלט, מיכה יוסף איז געשטאַנען אזוי נאָנט לעבן אים אז אברהם מאַפּו האָט אפילו געקאָנט איבערציילן די ווייכע לאָקן וואָס זיינען אַראָפּ־געהאַנגען אויפן בלאַסן דיכטער־שטערן. שפּעטער אָבער זיינען די קאָנטורן פון זיין געשטאַלט געווען אינגאַנצן פאַרמעקט ווי דער כתב פון א פאַרצייטיקער מגילה... ער האָט געגראָבן אין זיין געדעכעניש ווי אין אַ קבר. מיט שטומע קולות האָט ער אין זיך ארייַנגעשריען, געבעטן מיכה יוספן ער זאָל אויפטויכן פון זיינע טיפסטע טיפן. דער טויטער דיכטער האָט זיך אָבער ניט אָפּגערופן און צו אים זיך מער ניט באַוויזן...

מאַפּו האָט אוועקגעשטעלט דאָס ליימענע קריגעלע צווישן זיינע כתבים אויפן שרייבטיש. דאָס פלעמל איבערן בוימל האָט ווי אַ דין, גאָלדן גרעזל געציטערט, זיך געבויגן, אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן און אומגעפירט גאַנצע טשערעדעס שאָטנס פון איין וואנט אויף דער אַנדערער, פון איין אַלמער מאַנוסקריפּטן און ספרים אין אנדערן אריין.

דאַראָטעאַ איז געשטאַנען אויף די שפּיץ פינגער ביים שרייבטיש און טיף אין אירע פאַרוואונדערט־אויפגעריסענע אויגן האבן זיך ווי אין שפּיגלען געצונדן צוויי יאָרצייט־פייערן... זי האָט אַריינגעבלאָזן אין קריגעלע בוימל און זיך צוגעקוקט ווי אזוי דאָס פלעמל ראַנגלט זיך מיט איר אָטעם.

— ניין, טאָכטער מיינע — האָט מאַפּו באַשירעמט מיט זיינע דלאָניעס דעם יאָרצייט־פייער — מען טאָר ניט בלאָזן. ס׳איז אַ הייליקער פייער וואָס ברענט פאַר מיכה יוספס נשמה.

— ווער איז געווען מיכה יוסף?

— אָ, מיכה יוסף, מיכה יוסף! — האָט מאַפּו זיך אוועקגעזעצט, צוגעשלאָסן די אויגן און זיך שטיל געוויגט איבער זיין קינדס גאָלדן קעפּל ווי אַ לערנער איבער זיין ספר — מיכה יוסף האָט געהאַט אַ מויל פול מיט די שענסטע לידער. ער האָט געזונגען שענער ווי אַ גאַנצע נעסט מיט שפּילפייגל.

מאַפּו האָט געעפנט די אויגן. זיינע שוואַרצאַפּלען האָבן געשטראַלט מיטן שיין פון באַהאַלטענע טרערן.

דאָראָטעאַ האָט דערשראָקן אריינגעקוקט אין פאָטערס פּנים אריין. דאָס קינדערשע האַרץ האָט האַפּטיק געקלאַפּט פאַר צער.

— פאָטער, דו ווײנסט?

— ניין, טאָכטער מיינע, ניין.

*

מיכה יוסף לעווענסאָנס יאָרצייט האָט מאַפּון געטריבן פון שטוב. מיט געדרייטע טרעפּ ווי אַ שרויף האָט ער גענידערט אין דער נאַכטיקער שטאָט, ווי אין אַ טיפן, קאַלטן קעלער אַראָפּ.

שאַרפע ווינטן זיינען ווי סטאַדעס וועלף געלאָפן דורכן אויפגעפּראַלטן טויער פון אַלטן שלאָס און זיינען באַפאַלן די יידישע גאַסן פון אלע זייטן. איבער די הויכע דעכער איז דער ווינטער געפלויגן מיט פייפערייען. אונטן, אַרום די פּאַרצייטיקע, האַלב־איינגעזונקענע בתי־מדרשים און קלויזן וואָס די קאַלירטע שויבן זייערע רירן שוין כמעט אָן די ערד, זיינען די שנייען געגאַנגען מיט די ווינטן אַ קאַרעהאָד, זיך געדרייט ווי קעסלגריבער אין טייכן. יידן אָנגעקליידטע אין לאַנגע, ברייטע פּעלצן, שפּיציקע, סאַמעטענע מיצן, ווי יאַרמולקעס אויף די קעפּ, האָבן פאַמעלעך זיך געצויגן אין „נעוויאַזערס״ קלויז

אריין צו הערן דעם באַרימטן זאַמעטער מגיד, וועמענס גוטער נאָמען ס׳האָט זיך אין גאַנץ ליטע פאַרשפּרייט ווי דער ריח פון גוטן בוימל. לאַנד און לייט האָבן דערציילט, אַז דער מגיד שיט פעך און שוועבל, דונערט און בליצט מיט זיין האַרבן וואָרט איבער די קעפּ פון די „בערלינציקעס״ און זייער רבין מאַפּקע... די יידן וועלכע זיינען אים איצט געגאַנגען הערן, האָבן זיך נאָכאַנאַנד אָפּגעשטעלט און געכאַפּט דעם אָטעם — „אוי ווײ — האָבן זיי געקרעכצט — דער ווינט שטויסט ווי מיט הערנער״... אין די מאָגערע, ציטערדיקע פויסטן האָבן זיי געהאַלטן איינגעקלאַמערט די ווייסע בערד, פּונקט ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט די בערד זאָלן זיך ניט אָפּרייסן פון זייערע וואָרצלען און אַוועקפליען, איבערלאָזנדיק זיי אויף דער עלטער מיט נאַקעטע פּנימער...

מאַפּו האָט געשפּאַנט צום פישמאַרק צו. די קעלט האָט דורכגענומען זיינע מלבושים און אַרומגעקראָכן איבער זיין שוואַכן, איידעלן גוף, וואָס איז אַ לעבן לאַנג ווי אַ וואַזאָן געוואַקסן אין פאַרמאַכטע חדרים. זיין פּנים האָט זיך פאַרקרימט ווי פאַר געוויין.

ער איז אריינגעגאַנגען אין דעם שמאָלן ענגן געסל פון די זאַלץ־ און קאָדער־געוועלבער. דאָ האָט דער ווינט געפּאַטשט מיט קירצערע און שלאַפערע פליגלען. ער איז פאַרבייגעגאַנגען האַלב־פינצטערע עפענונגען אין די ווענט פון וועלכע עס האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון טויטע, פאַרפוילטע מלבושים און אָן אומהיימלעכקייט, ווי פון די קעלער־בעדער פאַר לייב־אייגענע אין די מאַגנאַטישע מאַיאָנטקעס. די פענצטער פון די זאַלץ־קראָמען האָבן צוגעדעקט שווארצע לאָדנס. איבער די לאָדנס האָבן זיך געקרייצט פאַרראָסטע, אייזערנע שטאַבעס וואָס האָבן רויט געגליט פון זשאַווער. בלויז די טירן זיינען געווען אָפן און דער פראָסט איז דורך זיי אריינגעגאַנגען אין די קראָמען פראַנק און פריי.

מאַפּו איז שטיל אריין אין אַ זאַלץ־געוועלב, גרויס ווי אַ קאַזאַרמע. דער קרעמער שלמה „בערלינציק״ איז געזעסן אויף אַ גרויסן זאַלץ־

הויפן, ווי אַ קליינער שניי־באַרג. פאַרן קאַרגן שיין פון אַ וואַקסענעם ליכט וואָס איז אין אַ קופּערנעם לייכטער געשטאַנען אויפן שפּיץ פון אַ צווייטן זאַלץ־היגל לעבן אים, האָט ער אַריינגעקוקט אין אַ כתב־יד. ער איז געווען אַזוי פאַרטיפט אין לייענען אַז עס האָט זיך געדוכט אַז אָט באַלד וועט ער מיט די אויגן פאַרצערן די פאַרוועלקטע בלעטער פון אַלטן מאַנוסקריפּט.

מאַפּו האָט פאַרשטאַנען אַז שלמה משכיל איז זיך איצט אין דער נאַכט מתיחד מיט דעם שאָטן פון מיכ"ל (מיכה יוסף הכהן לעווענ־סאָן). אַ פאַרגליווערטער איז ער געשטאַנען און מיט די אויפגעריסענע אויגן פון זיין גייסט זיך צוגעקוקט ווי אַזוי צוויי נשמות גיסן זיך צוזאַמען ווי טייכן אין אַ פאַרהוילענעם ווינקל פון דער נאַכט...

שלמה האָט אָבער מיט זיינע נאַזלעכער דערשמעקט דעם ריח פון אַ לעבעדיקן מענטשן אין זיין נאָנטקייט. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון מאַנוסקריפּט און דערזען אברהם מאַפּו.

— אָ, אברהם, — האָט שלמה מיט איין שפּרונג אַראָפּגענידערט פון זאַלץ־באַרג און אים געגעבן די האַנט.

— ווייזט אויס אַז דו ביסט געווען ווייט פונדאַנען, שלמה, אַז דו שטעקסט מיר אָפּ „שלום" — האָט מאַפּו אויסגעשטרעקט די האַנט און אומעטיק געשמייכלט.

— יאָ, יאָ, איך בין אַצינד אין מיין דימיון געווען אין ווילנע. איך האָב ווידער מיט מיכה יוספן אַרומגעשפּאַצירט אויפן שלאָסבאַרג. איך האָב זיך אויך דערמאָנט דעם טאָג, ווען איך האָב זיך מיט אים געזעגנט פאַר זיין אוועקפאָרן קיין בערלין זיך היילן. צום אָנדענק האָט ער מיר דעמאָלט געגעבן עטלעכע פּאָעמעס פון זיין בוך "שירי בת ציון" (די לידער פון ציונס טאָכטער) איבערגעשריבן מיט זיין אייגענער האַנטשריפט. היינט ביינאַכט ווערט אַכט יאָר זינט מען האָט די שיינע פידל באַהאַלטן אין דער ערד...

שלמה האָט אַריינגעהויכט זיין וואַרעמען אָטעם אין די פאַרפראָ־רענע, רויטע הענט. זיינע פינגער, זיינע בליקן האָבן געבלאַנדזשעט

איבער די בלעטער, איבער די פאַריתומטע לידער פון יונג פאַר־שניטענעם דיכטער.

— אַי, סאַרא אינסטרומענט דאָס איז געווען, — האָט ער געדעדט מערער צו זיך אליין ווי צו מאַפּו — אַי סאַרא איידעלער אינסטרו־מענט!

מאַפּו האָט דערפילט אַ שלאַפקייט אין זיינע פיס, זיך פארקליבן אין אַ טונקלן ווינקל פון קלייט און זיך צוגעזעצט אויף אַ קאַלטן זאַלץ־בארג.

אין דער יאָרצייט־נאַכט נאָך מיכה יוספן האָט מאַפּו זיך דערפילט אַ סך נענטער צום טויט. אומעטיקע מחשבותן האָבן טיפער געבויגן זיין קאָפּ צו דער ערד. ער האָט באַגערט זיך אַראָפּצוריידן פון האַרצן.

— ניטאָ קיין כוח — האָט ער געקרעכצט — ווען‌סט מיר מוחל זיין, שלמה, וואָס איך האָב זיך געזעצט אויף דיינע זאַלץ.

— איר פילט זיך ווידער ניט געזונט, אברהם? — איז שלמה געבליבן שטיין פארן דיכטער, וועמענס אויגן און באָרד עס זיינען פול געווען מיט שאָטנס — איר האָט זיך צופיל מוסר נפש געווען פארן „אהבת ציון״, פארן „עיט צבוע״ (דער פאַרביקער רויבפויגל).

— און אָן מיין פאַרלאָרענעם קינד האָסטו זיך אין גאַנצן פארגעסן — האָט מאַפּו נערוועז געפּירט די פינגער איבער זיין באָרד און געוואָרפן אַ האסטיקן בליק אויף דעם לאָמטערן מיט די פאררויכערטע שויבן, וואָס איז אַראָפּגעהאנגען פון סופיט — מיין היסטאָרישער ראָמאַן פון דער שבתי צבי־תקופה „חוזי חזיונות״, וואָס איז ביי מיר פאַרלאָרן געגאַנגען, האָט ביי מיר צוגענומען אַ שטיק לעבן. איך פיל זיך ווי מען וואָלט פון מיר אָן אבר אָפּגעשניטן. יאָרן און יאָרן האָב איך מיט מיין דאַזיקן ווערק ייחוד געפּראַוועט, אונטער רעגן און שטורעם אויף אַלעקסאָטער בערג איז ער ווי אַ בוים געוואַקסן. מיט יעדן באַשריבע־נעם בלאַט בין איך אלץ טיפער אין דער אלטער צייט אריין. אין די שעהן ווען מיין פעדער האָט גערוט, פלעג איך צוזאַמען מיט שבתי צבי, מיט נתן העזתי ארומשפּאַצירן אין טיפע טאָלן וואָס עפענען

זיך ווי טויערן אין די אַלעקסאַטער בערג... דאָס שענסטע וואָס אַ מענטש חלומט צו געבן דער וועלט, גייט תמיד פאַרלאָרן...

שלמה איז געשטאַנען אָנגעשפאַרט אָן דער קאַלטער וואַנט פון קלייט און זיינע אויערן, אויגן, האָבן געשלונגען די רייד פון קראַנקן ריכטער.

מאַפּו האָט לאַנג געשוויגן. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן פון זאַלץ־בערגל און זיך געקליבן אַוועקצוגיין.

— ביי די נאַטאַנזאַנס פייערט מען היינט מיכ״לס אָנדענק? — האָט מאַפּו אריינגעקוקט שלמהן אין די אויגן אריין.

— יאָ, אברהם.

— איך וועל היינט זיין ביי זיי, אַ גוטע נאַכט, שלמה!

— אַ גוט יאָר! — האָט שלמה ארויסבאַגלייט מאַפּון און אין זיין שטים, אין זיינע בליקן איז געלעגן די גאַנצע התלהבותדיקע הכנעה פון תלמיד צום גרויסן לערער.

*

איידער ער איז ארויפגעגאַנגען צו די נאַטאַנזאָנס, האָט מאַפּו אַ רעכטע צייט ארומגעבלאָנדזשעט ביים ברעג פון טייך ווילִיע. שטאַרקע ווינטן האָבן זיך געוויקלט ארום אים. פון אויפרעגונג האָט ער ניט געפילט דעם פראָסט, וואָס איז אים געקראָכן אין די נאָזלעכער, אין די געדיכטע קוסטן פון זיין באָרד. אַ געפיל פון בושה האָט געגעסן זיין האַרץ. ער האָט נאָכאַנאַנד זיך אליין געפרעגט אויב שלמה משכיל, דער זאַלץ־קרעמער, איז ראוי געווען אויפצונעמען זיינע ווידוי־רייד. אַ האַרץ, האָט ער געטראַכט, איז געגליכן צו אַן אָרון־קודש, ביידן דאַרף מען עפענען צו דער רעכטער צייט און...

מאַפּו האָט ניט געקאָנט טראַכטן ביזן סוף. די ווינטן האָבן זיך כסדר אָנגעשלאָגן אָן זיין שטערן און צעריסן זיינע געדאַנקען. איבער דער פאַרפראָרענער ווילִיע, וואָס האָט איצט אויסגעזען ווי אַ טיפער, פאַרשנייטער טאָל האָבן זיך מיט געיאָמער און געשרייען געטראָגן

די ווילדע כוחות פון דער נאַכט. שפּאַנענדיק דורך דער פינצטערניש איז ער פּלוצלונג געבליבן שטיין אַנטקעגן דעם גרויסן, רויטן בנין פון ר׳ אלינקע ראַגאָלערס ישיבה. די צענדליקער פענצטער אין די הויכע ווענט האָבן געלויכטן מיט אַ גרויס ליכט און מיט כוח געטריבן פון זיך דאָס חשכות. אין די נידעריקע הייזלעך, וואָס זיינען ווי אַ שווארצע סטאַדע שאָף געלעגן צופוסנס פון דער ישיבה — האָבן געטליעט קליינע פלעמלעך ווי גליי־ווערעם, פּונקט ווי די ליכטיקע שול וואָלט געהאַט פאַרליען קליינע שטיקלעך פייער יעדן יידישן שטיבל באַזונדער.

אַז די ווינטן האָבן זיך איינגעשטילט און אָנגעהויבן אַרומצוקריכן איבער דער פאַרשנייטער ערד, האָט מאָפּו געעפנט די טויערן פון זיין געהער און זיך איינגעהאָרכט אין די קולות וואָס קומען פון דער ישיבה אויף יענער זייט טייך. ווי דער רויש פון אַ וואַסערפאַל אין ווייטע, הויכע בערג, האָבן די פאַרטייעטע שטימען געקלונגען אין זיין געמיט, אים דערמאָנט, אַז די פינצטערע ווייבערשע שול אין אבא־חאַצקלס קלויז מיט די קראַטן־פענצטערלעך ווי אין אַ תפיסה, די שול וווּ ער האָט זיך באַקאַנט מיט די אויסטערלישע סודות פון דער קבלה — ליגט שוין הינטער די גרענצן פון זיין וועלט.

ער האָט זיך דערנענטערט צום פישמאַרק. ביי די שענקען, ארום די אכסניות האָט זיך געטומלט. פון אלע אַרומיקע גאַסן האָבן זיך געקליבן לייט אין אַ ווינקל פון מאַרקפּלאַץ. אויסגעדינטע, גראָע זעלנער אין אָפּגעטראָגענע מונדירן און הארטע היטלען האָבן געשפּאַנט אונטערהינקענדיק אויף איין פוס. זיי האָבן געשאָלטן די משוגענע ווינטן אין דער מאַמען אריין, געהוסט און ארויסגעוואָרפן פון די אלטע מיילער די לעצטע רעשטן שפייעכץ. צו מאָל האָבן זיי זיך אויך געכאַפּט מיט טרוקענע, צעקנייטשטע הענט צו די איינגע־פאַלענע ברוסטן, באַטאַפּנדיק די שווערע, טשוגונענע מעדאַלן, וואָס זיי האָבן געקראָגן אין די גרויסע מלחמות.

פון אונטער טיפע, געוועלבטע טויערן האָבן זיך אָנגעהויבן ארויס־

צושאַרן פישער־ווייבער. טייל פון זיי האָבן נאָך געהאַלטן אין די הענט מעסערס איינגעפלעקטע אין קאַלטן בלוט פון כלערליי פיש. זיי האָבן אַלע פאַרגעסן דעם אָוונט־מאָל, געלאָזן די קליינע קינדער אויף גאַסס באַראַט ביי די פלאַקערנדיקע ליימענע אויוונס און געלאָפן אָנקוקן דעם בייזן וווּנדער אויפן פישמאַרק.

אין געדיכטן געזעמל, צווישן די פיס פון די מענטשן, וועלכע זיינען געשטאַנען ארום אַ ברייטער, פינצטערער גרוב אין דער ערד, ווי ביי אַן אָפענעם קבר, האָבן ארומגעבלאָנקעט טשאַטעס הינט. די הונ־געריקע חיות האָבן זיך ארומגעדרייט ארום די פישער־ווייבער, געלעקט די ראַנדן פון זייערע קליידער, וואָס זיינען געווען באַהאַנגען מיט קישקעלעך און שופּן פון פיש. פון גרויס תענוג האָבן די הינט געבורומט, געוואָרפן אין אַלע זייטן די ווידלען.

— וואָן, זולל וסובאס! — האָבן די פישער־ווייבער געשטויסן מיט די נעז פון זייערע שטיוול אין די האָריקע בייכער, וואָס שאַרן זיך ארום זייערע פיס — וואָן, אַלטע פּאַדלעס!

די הינט זיינען זיך צעלאָפן. אין די אַרומיקע גאַסן זיינען געהאַנגען געבילערייען און געיאָמער.

די זעלנער האָבן זיך געשטופּט אין המון. מיט דינע, קוויטשיקע שטימען ווי ביי יינגלעך האָבן זיי אָנגעשריען אויף די ווייבער.

— ווייבער אַן אַ זייט! מיר אלטע זעלנער פאַרשטייען זיך בעסער אויף אזוינע זאַכן...

דער המון האָט מיט זיינע גופים ארומגעמויערט די גרוב ווי מיט אַ דיקער וואַנט. מען האָט געהאַלטן די קעפּ אריבערגעבויגן איבער דער פינצטערער עפענונג און געוואַרט, אַז פון אונטן, פון אויפגעריי־סענעם לייב פון דער ערד זאָל קומען אַ צייכן.

מאַפּו איז געשטאַנען אַ צוזאַמענגעוואַקסענער מיטן גרויסן עולם. ער האָט זיך אָנגעשמעקט מיט דעם ריח פון פיש וואָס האָט געשלאָגן פון פאַרשמאָלצענע מלבושים ווי פעלן, פון ווילדע גראָע בערד. די מענטשן וועלכע זיצן אָפּ גאַנצע נעכט אין קליינע שיפלעך אין בוזעם

פון די אָזערעס און שטומען בכדי די פיש ניט צו דערשרעקן, זיינען אויך איצט געשטאַנען שטילשווייגנדיקע און געוואַרט. פון גרויס אומגעדולד האָבן זיי זיך געקראַצט אין די האַרטע בערד.

— היי, שטופּ מיך ניט אין גרוב אריין, שטומער שלייען דו! — האָט זיך אַן אלטער זעלנער געבייזערט — פון גרוב אוועק, פּיש־פּרעסער, אונטער דיין פּינפּפּודיקן בויך וועט די ערד באלד פּלאַצן.

— דערלאַנגט פייער — האָט ארייַנגעשריען אַ צווייטער זעלנער אין גרוב אריין — טראָגט ארויס פון די שענקען אַ ביסל פייער. קיין קעצישע אויגן האָב איך ניט. איך זע ניט וואָס עס טוט זיך אין דער פינצטערניש.

עס האָבן זיך געעפנט די נידעריקע טירן פון טרינקהייזער. פון אונטער די אייבערשטע אושאָקעס האָט אָנגעהויבן שטראָמען אין דער קאַלטער לופט אריין אַ געדיכטע פּאַרע, ווי פון בעדער ארויס. מיידלעך מיט נאַקעטע אָרעמס, די נאַקעטע פיס באַשוכט מיט רויטע תאווה־שיכלעך, זיינען ווי קעץ געקראָכן אויף לייטערס און אָנגעצונדן די וואַנט־לאַמטערנס וואָס זיינען פּלוצלונג אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ רויטן שיין ווי בלוט. שענקערס מיט לעדערנע שירצן איבער די בייכער ווי ווייבער, האָבן ארויסגעטראָגן אין דער נאכט ברענענדיקע וואַקס־ליכט, אַרייַנגעשטעקטע אין ליידיקע בראַנפן־פלעשער. אַז די ווינטן האָבן ארייַנגעכאַפּט די ליכט פלעמלעך צווישן די ציין, האָבן די שענקערס באַשירעמט די פייערלעך מיט די שירצן.

די מוידן אויף די שוועלן פון די טרינקהייזער האָבן הויך געלאַכט, האַלטנדיק די הענט פאַרלייגט איבער די בערגלדיקע ערטער אויף דער ברוסט. זיי האָבן זיך כסדר איינע די אנדערע ארומגענומען, זיך כלומרשט פאַרטרויט סודות אויפן אויער און ניט אויפגעהערט צו וואַרפן פאַרשייטע בליקן צו די בחורים...

פּלוצלינג האָט זיך הויך איבער דער מאַסע באַוויזן אַ פאַקל, וואָס האָט רוישיק געברענט און זיין צעשויבערטער פלאַם האָט נאָכאַנאַנד געשפּיגן מיט שטיקער פייער.

— וואַרפט אריין דעם פּאַקל אין גרוב אריין, וועלן מיר זען וואָס דאָרטן טוט זיך — האָבן זיך דערהערט קולות פון עולם.

דער פּאַקל איז אַ ווײַלע ארומגעשווומען איבערן הויפּן קעפּ, דער־נאָך איז ער ארײַנגעשליידערט געוואָרן אין ברייטן, פינצטערן שלונג.

פאַר די בליקן פון די לײַט אַרום דער גרוב האָט זיך פלוצלינג אַנטפּלעקט אַ געמויערטע הייל וואָס פירט ערגעץ אין די ווײַטע קאַמערן פון דער ערד. ארום מויל פון הייל זײַנען געלעגן בלעכענע שופן־פאַנצערס צוגעדעקט מיט גרינעם שימל, שווערדן אין דער פאָרעם פון צלמים, וואָס האָבן געהאַט די מראה פון גרויען שטיין.

— ס׳איז אַ באַהאַלטענער אָדער פון אַלטן שלאָס — האָט גערעדט אַ שענקער צום עולם — אַזוינע אָדערן האָט דער שלאָס צעשיקט אונטער דער ערד אין די צענדליקער. מען זאָגט אז די היילן גראָבן ווי קראָטן טיף אונטער קאָוונע, אונטער פעלדער און וועלדער אַזש ביז צום „רויטן הויף״.

— אַ נײַס דאָס איז, — האָט אן אלטער שענקער פאַררוקט די פאַרפראָרענע הענט אונטערן פארטוך און ניט געזען צו וועמען ער רעדט אין דער פינצטער — אַז דער ערשטער פראַנצויז האָט אויף זײַנע שײַנע פערד פאַרבײַגעריטן פאַרבײַ מײַן שענק, האָט זיך די ערד פלוצלונג געעפנט ווי פון אַ דונער. מען האָט דעמאָלט באַשיימ־פערלעך געזען אז ער וועט כאַפּן אַ מפּלה.

— ווער וועט כאַפּן אַ מפּלה ?

— ער, נאַפּאָליאָנקע, מײַן איך. איך געדענק ווי הײַנט ווי אַזוי ער איז געשטאַנען מיט זײַן שפּיציקן בײַכל אויף וואסילאָווער באַרג און אַראָפּגעקוקט אויף קאָוונע. איך האָב דאָס אַלץ צוגעזען פון אַ בוידעם־פענצטערל. אַי זײַנען דאַן געווען גוטע טעג, גאָלד האָט זיך געוואָלגערט אין די גאַסן !

— די פראַנצויזן, זאָגט מען, האָבן ליב בלויז ווײַן ; פון בראַנפן ווערן זיי שוואַך ווי די הינער ; זיי האָבן מורא פאַר בראַנפן.

— דערפאַר האָבן זיי ליב ווײַבער ווי דאָס לעבן. זיי זײַנען גרייט

זיך צו לאָזן אָפּשמייסן פאַר אַ ווייבערשן נאַקעטן פּיסל. ווען נאַפּאַ־ליאָנקע איז אַדורך דער שטאָט, איז ביי מיר געווען דער גרויסער יריד פון די פריילעכע בתולות... די פראַנצייזלעך אין די ווייסע פּאַלערינעס האָבן געזומט ווי די בינען אַרום די שענקען, געדרייט די שוואַרצע וואָנסלעך און כסדר געקלאַפּט מיט די צינגלעך: לאַ פאַם (ווייב), לאַ פאַם... אין מיינע קאַמערן האָבן אין יענע נעכט אויס־געברענט וואַקסענע ליכט מערער ווי אין די קלויסטערס און קלויזן צוזאַמענגענומען... אַז נאַפּאַליאָנקע איז פון די בערג אַראָפּגעקראָכן און זיינע ברונעטע זעלנערלעך זיינען פון שטאָט אַרויס, האָב איך מקבר געווען אין דער ערד דריי טשאָלנט־טעפּ פול מיט גאָלדענע רענדלעך. אַ פּאַרקויפּטער (לייב־אייגענער) פּויערל פון אונדזערע קאַנטן איז מאָגער און אומעטיק ווי אַ קראַ, דער פראַנצייזישער הולטאַי איז אָבער לוסטיק ווי אַ שוואַלב...

מאַפּו איז מיט פאַרשלאָסענע אויגן געשטאַנען און זיך איינגעהאָרכט אין די רייד פון המון, וועלכער האָט אריינגעכאַפּט ווי א חיה דעם גרויסן העלד אין זיין פּיסק אריין און טרייבט פון אים און פון זיינע חיילות קאַטאָוועס... ער האָט פחד באַקומען פאַרן אייגענעם גורל. הינטער די פאַרמאַכטע אויגן־לעפּלעך זיינען אָנגעלאָפן שרעק־בילדער. ער האָט געזען העגט אָן גופים, אַ וואלד אַ גאַנצער פון הענט, גראָבן אויף זיין שטויב, רייסן אויף זיין קבר ווי אַן אלטן פאַרמאַכטן קאַסטן און צעטראָגן זיין הויפן ביינער איבער רוישיקע מערק, איבער טרינק־און זנות־הייזער, ווו דער בלוטיק־רויטער גיהנום־פייער זייערער ברענט אפילו אין די גלעזערנע לאַמטערנעס פאַר די טירן...

ער האָט זיך צוזאַמענגעקאָרטשעט פון ווייטיק פונקט ווי ער וואָלט אָקערשט געהאָט געקראָגן פון אַ געהיימער האַנט שמיץ... פון ווייטן איז צו אים דערגאַנגען דאָס ווילדע קלאָגן פון ווינט. אים האָט אָבער די קעלט איצט ניט אָנגערירט. ער איז געשטאַנען אין המון ווי אין אַן ענגער, פינצטערער שטוב...

דער עולם האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן זיך פונאַנדערצוגיין. אין

די ארומיקע געסלעך האָבן אָנגעהויבן ארומצובלאָנדזשען אָנגעצונ־
דענע לאָמטערנעס. אַז די לאָמטערנעס האָבן זיך צום גראָבן דערנענ־
טערט, האָבן זיך פאר מאַפּוס אויגן אָנגעהויבן ארויסצושיילן פון דער
פינצטערניש בלאַסע, מאָגערע יינגלעך אין שווארצע, לאנגע קאַפּאָט־
קעס וועלכע האָבן געטראָגן אין קליינע, גלעזערנע שטייגלעך מידע,
דרעמלדיקע פייערן פון די חדרים אַהיים.

די יינגלעך האָבן געהאַלטן די לאָמטערנעס נאָנט לעבן גרוב און
מיט פחד אין די בליקן ארייגעקוקט אין תהום אריין.

— אַז משיח וועט קומען — האָט איינער געזאָגט — וועלן זיך די
מתים קייקלען דורך אזוינע היילן אונטער דער ערד קיין ארץ־ישראל.

— חיימעלע נאַר, דו ווייסט ניט! — האָט א צווייטער יינגל
געציטערט פאר קעלט, אזוי אַז ער האָט כסדר געמוזט גלעטן די
וואַרעמע שייבלעך פון לאָמטערן — די גריבער אונטער דער ערד
דורך וועלכע די יידישע מתים וועלן זיך קייקלען קיין ארץ־ישראל,
וועלן זיין טויזנט מאָל טיפער...

— אַ מיליאָן מאָל טיפער...

מאַפּו האָט זיינע לאנגע, אומעטיקע בליקן צוגענאָגלט צו די יינגלעך.
אין די קליינע מאָגערע גופים, ווו יעדער ביין זייערער שניידט זיך
ארויס פון אַהינטער דער הויט שאַרף ווי אַ מעסער. אין די לייבער
וואָס ציטערן ווי לולבים אין די הענט פון פראָסט — האָט ער דער־
קאָנט זיך אליין פון פאר פופציק יאָר צוריק.

די יינגלעך האָבן געהויבן די לאָמטערנעס נאָנט צו די אויגן און
באַטראַכט דעם דאַרן, בלאַסן יידן מיט דער שווארצער, אומעטיקער
באָרד און האַרטן הוט פון אַ „בערלינציק" איבערן הויכן, שמאָלן
שטערן.

— קינדער, אַנטלויפט! — האָט איין יינגל אויסגעשריען, — ס'איז
מאַפּקע ימח שמו, די מאַמע זאָגט אז ער איז אַ משומד...

די לאָמטערנעס זיינען זיך צעלאָפן איבערן נאַכטיקן מאַרק. די

פייערן אין די גלעזערנע שטיגן האָבן משוגענערווייז געצאַפּלט, זיך געוואָלט אויסלעשן און ניט געקאָנט...

די פינצטערניש וואָס איז פון מאַפּון ניט אַנטלאָפן איז פּלוצלינג ארום אים געדיכט אויסגעוואַקסן, ווי אַ וואלד... די פלעמלעך פון די לאַמטערנעס האָבן זיך דערווייטערט, קליין געוואָרן ווי פונקען. פון די אַרומיקע גאַסן זיינען נאָך אָבער אַלץ געקומען צעשווימען פאַר־טייעטע שטימען:

— מאַפּקע ימח שמו, אַפּיקורס, משומד!...

מאַפּו אין אַן איינזאַמער שטיין געבליבן פאר דער גרוב. אים האָט זיך געדאכט אז די נאכט אליין שרייט אויף פון אירע טיפן... די יינגלשע קולות זיינען אריינגעפאלן אין די טיפענישן פון זיין געמיט ווי שטיינער אין די טיפקייטן פון אַ שטילער אָזערע... אַ קאלטער שוידער איז דורכגעלאָפן דורך זיין לייב. פול מיט פיינלעכע געדאַנקען האָט זיך זיין קאָפּ טיפער געבויגן, זיך געוואָלט אָפּרייסן פון גוף, ווי דער קאָפּ פון אַ געקעפטן, און אַריינפאַלן אין תהום אַריין...

*

דער הענגלייכטער האָט אָנגעגאָסן מיט ליכטיקייט דעם קליינעם זאַל, געוואָרפן שטראלן אויף די יונגע מלאכים מיט דורכזיכטיקע פליגל און לירעס אין די הענט, וואָס האָבן אַראָפּגעקוקט פון די ווענט ווי אויך געצונדן די גאָלדענע, העברעאישע און גאָטישע בוכשטאַבן אויף די רוקנס פון ספרים, צעוואָרפענע אויף הויכע, שמאָלע קאָמאָד־לעך און שנורן־פאָליצעס. אין דער שטילער, אָנגעוואָרעמטער לופט האָבן די פייער־קעפּלעך אויף די ליכט ניט אויפגעהערט צו צישן, געברענט מיט רוגזה, צו מאָל אויך געטערערט מיט שווערע וואַקס־טראָפּנס, וואָס זיינען אין דער לופט פאַרגליווערט געוואָרן און געפאַלן אויפן דיל מיט אַ שטילן געקלימפּער.

פאַר אַ שמאָלן שפּיגל, איינגעפאַסט אין וואַנט ביי דער נידעריקער טיר פון שלאָפקאמער איז געשטאנען בערטאַ נאַטאַנזאָן. זי האָט טיף

אריינגעקוקט אין די ליכטיקע, בלויע אויגן אַנטקעגן זיך, באַשיימפּער־לעך געזען אַז אירע גאָלדענע, געלאָקטע האָר האַלטן אין סאַמע מיטן בליען... דאַן האָט זי אויסגעשפּרייט די בלאַסע, אויסגעכאַליעטע הענט אויפן הארצן און מיט טרוימערישע בליקן געפּרעגט דעם שפּיגל אויב אירע הענט זיינען פון לעצטן וואַשן זיי מיט מילך טאַקע צאַרטער געוואָרן... פּלוצלונג האָט זי מיט קליינע טויבן־טריט אַ שפּאַן געטאָן פאָרויס, זיך געדרייט ווי אין טאַנץ אויף רעכטס, לינקס און שטארק הנאה געהאט פון דער שווארצער, זיידענער קרינאָלינע, וואָס שוימט ווי אַ גרויסע כוואַליע ארום איר און עפנט אויבן ארום האלדז די אַנטבלויזטע שיינקייטן פון איר לייב...

עס האָט זיך דערהערט דאָס טויבע קלאַפּן פון אייזערנעם רינג אויף דער פראָנטטיר. בערטאַ נאַטאַנזאָן האָט אַ לייכטן צאַפּל געטאָן. דאָס אויסגעהאַפטענע, באַטיסטן טיכעלע, אָן איינגעשפּריצטע אין שטארקן פראנצייזישן פּאַרפום, האָט זי אַ פּיר געטאָן איבערן שפּיץ נאָז, ברעמען, שטערן. דאָס איינגעהאלטענע פויקן אין טיר, האָט איר אָנגעזאָגט מאַפּוּס אָנקום.

מיט אַ לייכטן שמייכל איז זי אים אַנטקעגן געגאנגען. און יעדעס וואָרט וואָס איז ארויס פון איר קליין, חנוודיק מויל איז באַשטראָלט געווען פון אָט דעם באַצויבערנדיקן שמייכל:

— גוטן אָוונט, מייסטער!

מאַפּוּ איז געשטאַנען אַ געבויגענער אונטער אירע ווערטער. זיינע ליפּן האָבן פרום באַרירט איר אויסגעשטרעקטע האַנט, פּונקט ווי די ליפּן פון אַ גאָטפאָרכטיקן יידן וואָס באַרירן די בלעטער פון אַ הייליקן ספר.

— גוטן אָוונט, מאַדאַם!

זי האָט אים אריינגעפירט אין איר פּרויען־קאַמער. טישלעך באַשטעלטע מיט פּאַרפום־פלעשער, מיט קליינע קאַקטוס־וואַזאָנען. ביכער מיט בראָנזענע שלעסער זיינען געלעגן אויף גרינע פּליושענע שטולן, אויף סאָפעס מיט הויכע, שיין־געשניצטע פיס. פון סופים איז

אַראָפּגעהאָנגען אַן אַנגעצונדענער לאָמטערן מיט געשליפענע שויבן, איינגעהילט אין אַ שלייער.

מאַפּו האָט זיך אוועקגעזעצט אַנטקעגן בערטאַן. ער האָט געפירט זיינע דלאָניעס איבער די האָר־קוסטן אונטער זיין קין אין וועלכע דער פראָסט האָט זיך נאָך אויסבאַהאַלטן, געוואָלט אראָפּווישן די טריט פון די ביינאַכטיקע, אומרויקע ווינטן פון זיין באָרד.

— ווו איז הער בענעדיקטוס נאַטאַנזאָן? — האָט מאַפּו אָנגעקליידט איר מאַנס נאָמען אין אַ לאַטיינישן לבוש.

— ער איז אוועק איינלאַדן די אָנגעפאָרענע וואלדהענדלער צום יאָרצייט־אָוונט פאַר מיכה יאָזעף לעווענזאָן — האָט מיכ״לס נאָמען געקלונגען פרעמד און דאָך אזוי זיס אין מאַפּוס געהער.

מאַפּו איז אין די שיינע, בלאָנדע בערטאַ נאַטאַנזאָן געווען פאַר־ליבט. אין זיינע חלומות האָט ער זי ניט איין מאָל פאַרביטן אויף תמר פון זיין „אהבת ציון”. בערטא האָט זיין באַהאַלטענעם סוד טאַקע ארויסגעפילט ווי אַ דינעם, איידעלן פאַרפום־ריח פון זיינע דיאַלאָגן וואָס ער האָט געפירט מיט איר, פון זיינע ראָמאַנען...

זיי האָבן גערעדט דייטש, פראַנצייזיש און ווידער אַ מאָל דייטש. מאַפּו האָט מערער געקוקט, געהאָרכט ווי גערעדט. צו מאָל בלויז האָט ער אריינגעוואָרפן אַ שפּריכוואָרט אין לאַטיין, העברעיש.

בערטאַ האָט דערציילט וועגן מיכה יוסף, ווען זי האָט געטראָפן אַ קראַנקן, געל ווי אַ ליכט, אין בערלין, וועגן די שיינע לאָקן וואָס האָבן באַקרוינט זיין קאָפּ. אַן אומרויקע שעמעוודיקייט האָט געגליט אויף אירע באַקן ריידנדיק וועגן טויטן דיכטער, אזוי אז זי האָט כסדר געמוזט נעמען זיין „שירי בת ציון”, עפענען דעם בראָנזענעם שלאָס פון שיין־איינגעבונדענעם בענדעלע און צוריק פארשליסן, עפענען און צוריק פארשליסן...

די געסט האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפזאַמלען. ס'איז געקומען ברוך נאַטאַנזאָן מיט די זאמעטער וואלד־סוחרים. משכילים, וועלכע האָבן

געלעבט ווייט פון די יידישע גאַסן, ערגעץ ארום דעם ווייסן, נידעריקן הייזל וווּ אַדאַם מיצקעוויטש האָט געוווינט, זיינען געקומען צופאָרן פון די ווייטע, גוישע קוואַרטאַלן אין געדונגענע שליטנס. דער באַלעבאָס פון „גרינער אַפּטייק", אַ מיטליאָריקער, ברייטפּלייציקער מאַן מיט לאנגע, גרויע באַקנבערד און וואָנסן ווי ביי אַ פּוילישן פּריץ, האָט מיט זיך געבראכט די ריחות פון זיינע פינצטערע, סודותדיקע מעדיקאַמענטן־קאַמערן, ווי די פאַרצייטיקע הייזער פון די אַלכעמי־קער... עס איז אויך געקומען דער פּרוש פון כולל „חכמי זאַמוט" אין ווילקאָמפּאָל, וואָס בייטאָג לערנט ער תורה און ביינאכט שרייבט ער אַ פּירוש אויף שפּינאָזאַס „עטיק".

שלמה דער זאַלץ־קרעמער איז געקומען דער לעצטער. ער האָט זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל און צוזאַמענגעגאָסן זיין שטילשווייגן מיטן שטילשווייגן פון אלע איבעריקע געסט.

מאַפּו איז געזעסן אַ טיף־געבויגענער און צוגעדעקט מיטביידע הענט זיין פּנים. און כאָטש ער האָט געשוויגן האָט ער צוגענאָגלט אלע בליקן צו זיך.

די פייערן אין הענגלייכטער זיינען אויסגעלאָשן געוואָרן. אויפן טיש פון זאַל האָט זיך באוויזן אַ שווארצער, פּליושענער טישטעך. דאָס פלעמל פון אָנגעצונדענעם אייל־לעמפּעלע האָט געבונדן מיט גראָבע שאָטנס ווי מיט שטריק, יעדן פון די אורחים באַזונדער.

מיכה יוסף לעווענסאָנס מאַנוסקריפּט איז איבערגעגאַנגען פון שלמה משכיל אין מאַפּוס הענט. ער האָט געלייענט דער ערשטער. מיט זיין באָרד, מיט די אויגן, מיטן הויכן פאַרקלערטן שטערן האָט ער אריינ־געקוקט אין כתב־יד, פּונקט ווי ער וואָלט אריינגעבליקט אין אויפ־געשניטענעם האַרצן פון טויטן דיכטער...

ער האָט געלייענט און זיך געוויגט, געלייענט און זיין צעוואַקסענער שאָטן אויף דער וואַנט האָט מיטגעלייענט...

מיכה יוספס כתב־יד האָט געוואָגלט פון האַנט צו האַנט, פון מויל צו מויל. מאַפּו האָט פון מאָל צו מאָל געשלאָסן די אויגן, און אז ער

האָט זיי געעפנט זיינען זיינע בליקן געפאַלן אויף בערטאַ נאַטאַנזאָן.

נאָך האַלבער נאכט האָבן די געסט אָנגעהויבן פונאַנדערצוגיין. מאַפּו האָט זיך פּלוצלונג, אליין ניט וויסנדיק ווי אזוי, געפונען אין דער נאָנטקייט פון בערטאַן. מיט אַראָפּגעלאָזענע וויעס, ווי זי וואָלט זיך פאר אים געשעמט, איז זי געשטאנען פאר אים. אירע דינע נאָז־פליגל האָבן געציטערט ווי זי וואָלט דערשמעקט די סכנהדיקע געדאַנקען, וואָס וועקן זיך אין זיין קאָפּ...

זי האָט אים שנעל אויסגעשטרעקט די האַנט. מאַפּו האָט ניט וואַרפנדיק קיין בליק אויף איר פּנים, אַ שטילן, איינגעהאַלטענעם קוש געטאָן איר אין האַנט.

דאַן האָט זי געעפנט דעם שופלאָד פון אַ קאָמאָד, ארויסגענומען אַ לאַנגן יאָרצייט־ליכט און געגעבן מאַפּון.

— נעמט, מייסטער, — האָט זי צו אים געזאָגט אויף פראַנצייזיש — און צינדט אים אָן אין אַ געבעטהויז פאר זיין נשמה וועגן...

*

מאַפּו איז פון דעם יאָרצייט־אָוונט ביי די נאַטאַנזאָנס געגאַנגען דורך וויסטע, שלאָפנדיקע גאַסן אהיים. ס'איז געווען נאָך האַלבער נאכט. ווייט, ווייט אין ווייס־פאַרפראָרענעם ניעמאַן־טאָל איז דער ווינטער געזעסן און געשפּילט ווילדע ניגונים אויף זיינע ווינטישע פייפלעך...

אין די בלאַסע, איידעלע הענט, פאַרפייניקטע פון צענדליקער יאָרן שרייבן, האָט ער געטראָגן דעם לאַנגן וואַקס־ליכט, כדי אים אָנצוצינדן פאר מיכה יוסף לעוועגסאָנס נשמה ביים עמוד אין גרויסן בית־מדרש, וואָס זיצט אַצינד ביז די לענדן אין שניי. דער פראָסט האָט אים נאָכאַנאַנד געביסן אין די נאַקעטע, ניט־באַשיצטע הענט. דער שטאַר־קער שטורעמדיקער ווינט האָט זיין באָרד אויסגעקרימט, געוואָלט מיט זיך מיטשלעפּן געדיכטע האָר־קוסטן. מיט גאָר זיינע שוואַכע כוחות האָט אָבער מאַפּו געשניטן זיין וועג דורך דער אומרויקער פינצטערניש.

ער האָט זיך נאָכאַנאַנד אָפּגעשטעלט און זיך איינגעהאָרכט. אים האָט זיך געדאַכט אַז אין דער ווייט רופט אימעצער אויס זיין נאָמען די לעסטער־קולות: מאַפּקע, אפּיקורס, משומד — האָבן אין די ווייטע קאַמערן פון זיין געהער ווידער אָנגעהויבן צו קלינגען... פון אויפ־רעגונג האָט זיין שוואַך האַרץ האַפּטיקער געקלאַפּט אַזוי אַז אים האָט זיך געדאַכט אַז אָט באַלד וועט דאָס האַרץ זיינע ארויסשפּרינגען פון ברוסטקאַסטן און צונטער־רויט פון לעבעדיק בלוט אַוועקפאַלן אויפן שניי...

הויך איבער די ווינטן וואָס רודערן דורך דער נאַכט האָט אין זיין טורעם־נעסט אויפגעוואַכט דער גרויסער באַזיליקע־גלאָק. פּרום־ברומענדיקע, באַלאַדענע מיט האַרבע טענות האָבן די קולות פון די הייכן געגנידערט, געפאַלן אויף מאַפּוס קאָפּ, אויף זיינע פּלייצעס, אונטער זיינע פיס...

אַ פּלוצלונגע שטורעם־כוואַליע איז אָנגעלאָפן און אַ ריס געטאָן פון זיין האַנט דעם יאָרצייט־ליכט. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער בלאָנדער, בליענדיקער בערטאַ נאָטאַנזאָן, אָן די באַצויבערנדיקע שמייכלען וואָס צינען זיך ארום אירע זאַפּטיקע, קאַרשן־ליפּן. אין זיין דימיון האָט ער כסדר געקושט די שיינע, לאַנגע הענט וואָס האָבן אים געגעבן דעם יאָרצייט־ליכט, ער האָט ביי די דאַזיקע הענט אויך געפרעגט אויב זיי וועלן אויך פאַר זיין נשמה וועגן צינדן אַ יאָרצייט־פייער...

— — — — — — — — — — — —

מיט אַ פאַרהוילענעם פחד אין האַרץ האָט מאַפּו געעפנט די ברייטע, נידעריקע טיר פון גרויסן בית־מדרש. אַ טיפער קרעכץ, ווי ביים עפענען פון אָן אלטן טויער, האָט אָפּגעענטפערט, אַ וויינענדיק קול פון אַ פאַרשפּעטיקטן לערנער איז אים אַנטקעגנגעקומען. דאָס קול איז געקומען פון עמוד, וועלכער האָט געשטראַלט מיט אַ געהיימען, קאַרגן שיין פון הינטער דער בימה אַרויס.

מאַפּו האָט אויסגעמיטן די קאַלטע, פאַרראָסטע זיילן וואָס טראָגן

אויף זייערע קעפּ דעם הויכן סופיט. ער האָט געבלאָנדזשעט אין אַ וואַלד פון בענק, שטענדערס, אַלמערס ספרים מיט הילצערנע טאָוולען, איינגעוויקלטע אין ברוינע. גלאַנציקע פעלן פון כשרע בהמות, נאָנט איבער זיין קאָפּ האָט ער געפילט די שווערע משא פון די מעשענע קאַנדעליאַברעס מיט זייערע צווייגן און רערן ווי הערנער. ער האָט געשפּאַנט אויף פּאַרפּוילטע, קרעכצנדיקע ברעטער פון דיל, אויף שאָטנס וואָס האָבן זיך געשפּרייט ווי טעפּעכער אונטער זיינע פוסטריט...

ביים עמוד איז געשטאַנען אַ הויכער, מאָגערער ייִד, איינגעהילט אין אַ צעפּליקטן טלית און אריינגעקוקט אין אַ ספר. די לאַנגהאָריקע הענט האָט ער געהאַלטן אריינגעשטעקט אין די קאָלטענעס אַרום די שלייפן.

אַז מאַפּו האָט זיך צום עמוד דערנענטערט, האָט דער ייִד צו אים אויסגעבויגן דאָס פּנים. אַ שווארצע, ווילד־צעוואַקסענע באָרד, פונאַנ־דערגעשיידט אין צוויי שארפע שפּיצן ווי די צונג פון אַ שלאַנג, פייערדיקע, אומרויקע אויגן אין אַ בלאַסן, מאָגערן פּנים — האָבן זיך פאַר אים אַנטפּלעקט.

מאַפּו האָט אנגעצונדן זיין יאָרצייט־ליכט. ארום עמוד איז ליכטיקער געוואָרן. די אויגן פון אויסטערלישן לערנער האָבן געלויכטן ווי אויסגעוואַשענע פון טרערן.

דער לערנער האָט אָנגעכאַפּט מאַפּוס מאָגערן אָרעם. שוים־בלעזלעך האָבן זיך באַוויזן ביי די ווינקלען פון זיין מויל. ער האָט זיך אויף די שפּיץ פינגער געהויבן, ווי ער וואָלט געוואָלט פון דער אייגענער הויט ארויסקריכן... דער געלער, צעשאָטענער טלית איז אַראָפּגעפאַלן פון זיינע פּלייצעס און געבליבן ליגן ביי זיינע פיס.

— דו בינסט א גילגול פון דוד המלך — האָט ער מאַפּון אָנגעכאַפּט פאַר ביידע אָרעמס — נעכטיקע נאכט האָב איך דוד המלכן געזען אין חלום. דיין מראה, דיין באָרד איז ווי זיינע...

דעם לערנערס בליקן האָבן געלויכטן מיט אַן אומהיימלעכן שיין.

בליצן פון משוגעת האָבן זיך געריסן פון זיינע בליקן. געפאַלן איבער מאַפּוס פּנים, איבער זיין גאַנצן גוף.

מאַפּו האָט זיך געפילט געשמידט אין די קייטן פון לערנערס וואַנזין. זיין האַרץ האָט ניט אויפגעהערט צו פּויקן.

— און אין ארץ־הקדושה (אין הייליקן לאַנד) בינסטו געווען? — איז דער מטורף צו אים צוגעשטאַנען.

— יאָ, יאָ איך בין געווען, אַ צייט, אַ לאַנגע צייט געווען אין ארץ הקדושה — האָט דער פּחד איבערגעוואַלד געריסן ווערטער פון זיין צונג. ער האָט אויך געוווּסט אז ער האָט קיין ליגן ניט געזאָגט...

דער משוגעת־אָנפאַל ביים ביינאַכטיקן לערנער איז געגאַנגען באַרג־אַרויף... ער האָט אָנגעהויבן שרייען מיט אזוינע ווילדע קולות אַז מאַפּון האָט זיך אזש געדאַכט אַז די שאָטנס אויף די ווענט האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן.

— דוד מלך ישראל חי וקים! — האָט ער געשריען, — דוד מלך ישראל!...

מאַפּו האָט אָנגעגורט גאָר זיינע שוואַכע כוחות און זיך אַרויס־געריסן פון מטורפס הענט. דורכן פינצטערן פּאָליש איז ער אַרויס צו דער גאַס. מיט אַיילִיקע טריט האָט ער געשפּאַנט איבערן שניי צום טויער פון פאַרצייטיקן שלאָס. ער איז געלאָפן און די יידישע געסלעך, דער מטורפער לערנער, די יינגלשע לעסטער־געשרייען זיינען אים נאָכגעלאָפן. דער שווערלייביקער באַזיליקע־גלאָק האָט זיך איבער זיין קאָפּ געוויגט. און די גרוב פון פישמאַרק איז אים כסדר פאַרלאָפן דעם וועג, אונטער זיינע פוסטריט, אונטער גאָר זיין לעבן זיך כסדר געעפנט ווי אַ תהום אָן אַ דעק...

הינטער דעם פאַרצייטיקן שלאָס איז מאַפּו געבליבן שטיין פּנים אל פּנים מיט דער פרייער, אָפענער ווינטערנאַכט. אַ שאַרפער ווינט איז אָנגעפלויגן און אויפגעהויבן די ראַנדן פון זיין אייבער־בגד ווי פליגלען. די וויענדיקע פינצטערניש האָט געלויערט אויף זיין גוף, אים געוואָלט צערייסן אויף שטיקער.

ער האָט זיך פלוצלינג געכאַפּט מיט ביידע הענט פאַרן בויך. די אַלטע קראַנקייט זיינע האָט זיך אין אים אויפגעוועקט. מיט אַן צראָפּגעלאָזטן קאָפּ האָט ער געטראַכט וועגן טויט וואָס גראָבט אין זיין לייב ווי אַ קראָט...

הויך איבער דער ערד האָבן זיך די טרוקענע שנייען אויסגעוועפּט אין ווייסע ליינען. האָט מאַפּו געזען ווי אזוי מיכה יוסף וויקלט זיך אויס און וויקלט זיך איין אין די פלאַטערנדיקע שנייען, ווי אין תכריכים...

און די בייזע, טומלדיקע נאַכט וואָס האָט צו איר רו ניט געקאָנט קומען, האָט ווי אַ גילגול געבלאָנדזשעט דורך דער וועלט, געלאָפן איבערן געבויגענעם קאָפּ פון קראַנקן דיכטער איר אייביקן וועג...

# ערב חגא

(פראַגמענט פון דער היסטאָרישער דערציילונג
„קאָוואָרסקער בערן־טרייבער")

„זיי ניט קיין קאָוואָרסקער
בערן־טרייבער"...
(פאָלקס־צונאָמען)

די שקיעה־זון, אַ צעגאָסענע איבער אַ האַלבן הימל, האָט אָנגעצונדן די גאַנצע געגנט. די פאַרצייטיקע צלמים אויף מאַגזינטאָווער בערגלעך, געבויגענע אונטער דער האַנט פון די צייטן, די געדיכטע שטיקער וואַלד, וואָס פאַרקריכן מיט זייערע לאַנגע, שוואַרצע וואָרצלען אַזש אין שטראָם פון טייך שווענטע, די הירשן וואָס זיינען במשך פון האַלבן זומער פעט געוואָרן און האָבן זיך געפּיטערט אויף די ווייטע, פלאַכע לאַנקעס אָדער זיינען געלאָפן און געשפּרונגען, געטראָפענע פון פּחד, אויף הויכע, שלאַנקע פיס — אין גאַנצן באַשאַף אַרום האָבן געגליט העלישע פייערן. געגליט — און זיך אויסגעלאָשן מיטן אָנקום פון בלויען פאַרנאַכט.

שכנא בערן־טרייבער איז געשטאַנען אויפן הויכן אָנגעשאָטענעם ברעג פון דער שווענטע און זיך צוגעקוקט ווי אַזוי די שוואַלבן לאָזן זיך אַראָפּ מיט אַ שאַרפן פייף ביז צום שפּיגל פון שטראָם, רירן אָן מיט די שפּיצן פון די פליגלען דאָס וואַסער און גיבן זיך פלוצלינג אַ הויב אויף אַזוי הויך, אז דער בליק קען זיי קוים דעריאָגן. דאַן האָט ער אַראָפּגענידערט צום טייך צו. ווייכע, קילע גרודעס ערד האָבן זיך געקרישלט, געקייקלט אונטער זיינע פוסטריט, אים איבער געוואַלד מיטגעשלעפּט ביז צום בעט פון שטראָם, וואָס האָט

איצט ווי אַ גרויס, טונקל אויג אָפּגעשפּיגלט אין זיך די אַרומיקע שטיק וועלט.

אַ מילד ווינטל, ווייך ווי די פליגלען פון אַ פלאַטערל, האָט אים אָנגערירט. שכנא האָט אַריינגעשטעקט די פינגער אין די האָר־געדיכטעניש וואָס זיינען אים אָנגעוואַקסן אויפן אָפענעם ברוסט־קאַסטן, זיך געקראַצט און גערעדט צו זיך אַליין:

— אַ מחיה, אַ ווינט פון אַניקשט.

די ווינטן וואָס בלאָזן פון אַניקשטער זייט, האָבן אָנגעטראָגן קילקייט. שכנא האָט געקוקט פון טייך־ברעג אַרויף צו צום באַרג און געזען ווי אַזוי די אַלטע בערן־טרייבער אין זייערע ברייטע קאַפּאָטעס, ברוין ווי פּעטע ליים, קייקלען זיך ווי די שטיינער באַרג־אַראָפּ כדי מקבל פּנים צו זיין ביי דער שווענטע דעם אָוונטיקן ווינטל.

די שווענטע האָט געבראַכט צום ברעג אַ קרומען וואָרצל ווי אַ שלאַנג, וואָס איז פאַרשטאַרט געבליבן ביים וועלן אַ ביס טאָן. שכנא האָט אַרויסגעצויגן דעם נאַסן וואָרצל, געפּאָכעט מיט אים אין דער לופט און צוגעשריען צו די יידן וואָס קומען אָן:

— היי, היי!

און די בערן־טרייבער האָבן אים פון ווייטן אָפּגעענטפערט מיט קולות, וואָס האָבן אָפּגעהילכט אין דער געגנט ארום ווי אין אַ פּוס־טער שטוב.

די בערן־טרייבער פון אַרויף־באַרג זיינען אָנגעקומען צום טייך. זיי האָבן אויסגעטאָן די שטיוול מיט די הילצערנע אָפּצאַסן, אויס־געוויקלט די פיס פון די גרויסע רפואה־קרייטעכער און זיי אַריינגע־שטעקט אין וואַסער.

אויף די ווייסע שטיינדלעך פון ברעג זיינען זיי געזעסן און געשוויגן. פון צו פיל צונויפקומען זיך איינע מיט אַנדערע במשך פון צענדליקער יאָרן האָט זיי לעצטנס ביים טרעפן זיך אָפּגענומען דאָס לשון. ווי די באַיאָרטע ביימער אין דער וואַלדיקער געגנט, האָבן

די בערן־טרייבער געהאַלטן פאַרשטעקט זייערע פיס, ווי וואָרצלען אין שווענטע, הנאה געהאַט פון דער קילקייט וואָס צעגייט אין זייערע גלידער און געגאַפט אין דער ווייטקייט.

אַ ווייגענדיקער, צעצויגענער האָרן־שאַל האָט אויפגעציטערט די שטילקייט. די אַלטע האָבן אויסגעבויגן די קעפּ צו מערב צו, דאָרט ווו די פאַרבלוטיקטע ליפּן פון דער זון קושן די פאַרנאַכטיקע ערד, און געטראַכט:

— דער מאַגזינטאָוער מאַגנאַט רופט צוזאַמען פון די פעלדער זיינע קנעכט אויף נאַכט.

פּייוווש מיט דעם לאַמען פוס האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן צו שעפּן פולע הויפנס וואַסער און זיי צעגיסן אויפן נאַקעטן שאַרבן:

— אַז פון אַזאַ שטיקעניש — האָט ער געטענהט — קען שונאי־ישראל די מאַרך צעגיין ווי וואַקס אויפן פייער.

די לעצטע פייערדיקע טריט פון אָוועקגייענדיקן טאָג האָבן זיך אויסגעלאָשן אין וואַסער. ווייט אַרויף־שטראָם, דאָרט ווו די שווענטע בייגט אויס איר פולן בויך, האָט דער וואַלד געשפּונען דעם אָונט ווי אַ טונקעלע נעץ, וויאָרסטן גאַנצע די לענג.

אַ קלינגען פון קייטן, ווי מען וואָלט אַרעסטאַנטן געפירט דורך דער געגנט, איז אָנגעפלויגן מיט אַ מחנה גרויסע, שוואַרצע אָונט־פליגן. די אַלטע לייט האָבן געפאַנגען די פליגן אין די דלאָניעס אַריין, זיי מיט אַ קנאַק צעדריקט און געוואָרפן אין שטראָם אַריין.

— די קינדער קומען — האָבן זיי געזאָגט — און זיך איינגע־האָרכט אין קייטן־געקלאַנג, וואָס קומט אָן אַלץ שאַרפער צו זייער געהער.

די יונגע בערן־טרייבער זיינען אָנגעקומען. אויף די הויכע ציליני־דערס ווי ליימענע טעפּ, וואָס די פּריצים האָבן זיי באַפוילן צו טראָגן, אויף די שוואַרצע קאַלטענעוואַטע בערד, אויף די בערן וואָס זיינען געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און געשמעקט פון הונגער די ערד — איז געלעגן דער שטויב פון די זאַמדיקע דאָרף־וועגן.

די טאַטעס האָבן זיך צעשיידט. יעדער פון זיי האָט זיך באַהאַלטן מיט זיין זון ערגעץ הינטער אַ קוסט, אין אַ טיפער גרוב ווו אַ דונער איז אריינגעפאַלן, און געציילט אין פאַרשמאַלצענעם היטל אריין די גראָשנס, פּייאימס און בערלינקעס וואָס זיי האָבן צונויפגעקליבן אין די מאַגנאַטישע הויפן במשך פון טאָג.

די בערן האָבן געברומט. די אַלטע חיות האָבן אָנגעהויבן צו גראָבן פאַר הונגער מיט די פאָדערשטע קאָפּיטעס די ערד. די יונגע חיות אָבער האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף די הינטערשטע לאַפּעס, אַריינ־געקוקט די בעלי־בתים ווי הינט אין די אויגן אַריין און געבעטלט פאַר זיך רחמים מיט די בליקן.

די בערן־טרייבער האָבן זיך מיט שווערע טריט, צוזאַמען מיט זייערע חיות געצויגן אין יישוב אַריין. די אַלטע לייט, די היים־זיצער, האָבן זיך אויסגעפרעגט אויף נייס פון די פּריצישע הויפן.

— דער אַלטער פּריץ פון פּוסבאָצקע — האָט דערציילט שמערקע בערן־טרייבער, אַ נידעריקער, שוואַרץ־חנוודיקער מאַנספּאַרשוין אין גרינע הויזן ווי אַ ציגיינער — האָט אויסגעטרונקען צוויי פּעסלעך קאַלטן, פעטן מעד. שוין דריי מעת־לעת ווי ער הערט ניט אויף צו ברעכן, הלואי זאָל ער די גאַל אויסברעכן, דער רשע!

— צייט פּריצים לעבן אין קאָוואַרסקער געגנט — האָט געזאָגט פייטל, אַ גראָער בערן־טרייבער וואָס איז אין זיין יוגנט אויסגעווען אין אַלע מאַגנאַטישע פּאַלאַצן פון דער סביבה — איז נאָך אַזאַ רשע ווי דער פּוסבאָצקער ניט געווען. אַמאָל, איידער עס איז אים נאָך באַפאַלן די תשוקה צו זויפן מעד, פלעגט ער אַוועקזעצן זיינע פּויערים, די לייבאייגענע, הויך אין די צווייגן פון זיינע ביימער און זיי באַפוילן נאָכצומאַכן די קולות פון אַ קוקאַווקע: קו־קו. און ווען דער לייבאייגענער פלעגט פון דער הייך לאָזן הערן זיין קו־קו, פלעגט דער פּוסבאָצקער אָנצילן זיין פּיסטאַלעט און שיסן זיין פּויער ווי אַ פויגל. אַזוי האָט דער פּוסבאָצקער וואַלד־גזלן אויסגעמאָרדעוועט איבער אַ צענדליק פון זיינע פּויערים.

— אַ קאָמפּאַניע טרייפּר בערן־טרייבער גרייט זיך צו קומען צום גרויסן יריד, אין טאָג פֿון הייליקן יאָהאַן, קיין קאָוואַרסק — האָט געזאָגט פּרץ, „דער פּונטיקער שטיין״.* אַ הויכער, צעוואַקסענער בערן־טרייבער, מיט אַ רויטער באָרד, וואָס האָט תמיד אַנגעוואָרפֿן אַ פּחד מיט זיין קנאַפּוועטערדיקייט, ווייל מען האָט געוווּסט אַז אין זיין שטילשווייגן ליגן פֿאַרוויקלט שלעכטע בשורות — מען זאָגט אַז זיי וואַרפֿן די מקחים און ווייזן זייערע בערן פֿאַר די לייבאייגענע בלויז פֿאַר אַ גראָשן.

פּייטל בערן־טרייבער האָט אויף אים אַ פֿאַראַכטלעכן קוק געטאָן, געכאַפּט מיט ביידע הענט אַ שטיין וואָס ער האָט קוים מיט ביידע הענט אויפֿגעהויבן פֿון וועג און געזאָגט:

— זעסט, מיט אַזוינע שטיינער וועלן מיר זיי פֿאַרטרייבן. קאָוואַרסק איז אונדזערס!

*

ערב חגא פֿון הייליקן יאָהאַן האָבן זיך געלייגט גרויסע היצן איבער דער געגנט. די זון — אַ טיפֿער פֿייערקוואַל אין די הימלען, איז געלאָפֿן דורך לאַנגע טעג פֿון מיזרח צו מערב צו. אין די וועלדער האָט געהויערט שטענדיקע שטילקייט ווי אין פּוסטע, ביי־טאָגיקע קלויסטערס. בלויז פֿון מאָל צו מאָל האָט פֿון בלעטערוואַלד הויך אין דיביימער אַ ווילדע פֿויגל אַ קוויטש געטאָן און אויפֿגעהערט, פּונקט ווי זי וואָלט פּלוצלינג פֿון היץ איינגעשלאָפֿן.

אין טייך שווענטע, וואָס האָט זיך ווי אַ גאָלדענער שנור געצויגן דורך באַוואַקסענע פֿעלדער, זיינען געשטאַנען נאַקעטע מאַנספּאַר־שוינען און געשטעלט הילצערנע קלעצער — אַ פֿונדאַמענט פֿאַר אַ בריק איבערן וואַסער לכבוד דעם הייליקן יום־טוב יאָהאַן. מיט העק וואָס האָבן זיך געזילבערט אין שפּעדיקן ליכט, האָבן זיי געקלאַפּט

* פּונטיקער שטיין — אַ ריזיקער שטיין לעבן אַניקשט.

איבער די קעפ פון די קליינע זיילן, אַזוי אַז דער „האַ", וואָס איז געפאַלן פון זייערע מײַלער ביים קלאַפּן, איז זיך צעשפּרונגען אין עטלעכע בת־קולן אין אַלע פיר זייטן פון דער וועלט. אויס פחד פאַר דער זון וואָס איז אין די גרויסע חמימהס פאַר־און נאָך „יאַהאָן" בייז ווי אַ פייערדיקע שלאַנג און וויל שלעכטס טאָן דעם לעבעדיקן, האָבן די נאַקעטע לייט אָנגעטאָן אויף זייערע קעפּ קרענץ, אויסגע־פלאָכטענע פון געלע און ווייסע פעלד־קווייטן. טייל פון זיי האָבן באַשיצט די קעפּ מיט מאַלינע־צווייגלעך. זיי האָבן צו מאָל אויך געהויבן די נאַקעטע הענט אין דער הייך, געריסן פון קאָפּ די רויטע פּרוכטלעך און אונטערגעלענט דאָס האָרץ.

אויף די פייכטע, בלאָטיקע וואַלדשטעגן האָבן זיך געצויגן די קנעכט פון די מאַגנאַטן. אָנגעקליידעטע אין טשערקעסענע גראָע מאַנטלען, אַרומגעגאַרטלט מיט גאַרטלען אויסגעפלאָכטענע פון טרו־קענע זאַנגען, שטיוול מיט הילצערנע אָפּצאַסן אויף די פיס — האָבן זיי געשפּאַנט קיין קאַוואַרסק, דאָס קלויסטער־שטעטל ווו אַ מלאך האָט זיך מיט הונדערטער יאָרן צוריק באַוויזן... געשפּאַנט — און געשטומט צוזאַמען מיטן וואַלד.

אין די טיפע, קילע גריבער פון וואַלד, נעסטן פון אַמאָליקע ווילדע חזירים אָדער אויפגעריסענע פון דונערס, האָבן זיי זיך געזעצט אָפּרוען. די קינדער זיינען זיך ווי האָזן צעלאָפן אין וואַלד. אויף בוים־שטאַמען האָבן זיי געקלעטערט, געשטעקט די הענט אין די נעסטן און געגנבעט די פויגלשע אייער.

אַז די טאַטעס האָבן דאָס געזען, האָבן זיי אויסגעטאָן פון די גופים די שטרויענע גאַרטלען, געשמיסן איבערן פּנים, איבער די הענט, איבער די נאַקעטע יונגע פיס.

— דער וואַלד, די פויגלען געהערן דעם מאַגנאַט — האָבן די לייבאייגענע געוואָרנט זייערע קינדער — אַפילו די אייעלעך וואָס די פויגלען לייגן געהערן אויך צו אים.

— אָבער דער מאַגנאַט זעט דאָך ניט וואָס מיר טוען איצט?

— דעם מאַגנאַטס אויג איז ווי דאָס אויג פון גאָט; ער זעט אַלץ...

די געמיינע לייט פון די דערפער האָבן לאַנגזאַם געשפּאַנט און פון היץ געדרעמלט אין גאַנג ווי שיכּורים. אין די מינוטן ווען דער שלאָף האָט זיי די פיס אונטערגעהאַקט, האָבן זיי זיך אַנגעשפּאַרט אָן די שטאַמען פון די ביימער אָדער זיך געלייגט אויף דער באַגראָז־טער ערד און אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף. אַזוי זיינען געלעגן אויסגעלייגט צענדליקער פויערים פאַרזונקענע אין שלאָף לענג־אויס דעם וועג וואָס פירט פון וואַלד אַרויס צו דער שווענטע.

ערב יאַהאַן האָבן די לייבאייגענע געצויגן אַ גאַנצע נאַכט. די גלעקער אין די קלויסטערס אַרום האָבן געברומט. געגישטערט מיט די קולות אין די ווייטסטע ווינקלען פון דער געגנט. שפּעטער אַז די קלינגעריי האָט אויפגעהערט, האָט נאָך אָבער דאָס ברומען לאַנג געציטערט אין די טיפענישן פון דער שטילקייט.

די ערשטע אָנזאָגער אַז יאַהאַן איז שוין געקומען, זיינען געווען די הענדלער מיט די הייליקע איקאָנעס. שטומע ווי די נאַכטיקע פויגלען האָבן זיי זיך אין מיטן נאַכט באַוויזן אויפן מאַרק אין קאָוואַרסק. זיי האָבן אויפגעשטעלט זייערע בײדלעך, די איקאָנעס אויסגעלייגט אויף דער ערד און אַליין נאָכאַנאַנד געקוקט אין הימל, געזוכט אין די הויכקייטן די ליכטיקע, זילבערנע טריט פון אָנקומענ־דיקן הייליקן טאָג.

ווען די לבנה האָט אויסגעהויכט איר לעצטן אָטעם אין הימל, האָט זיך אויך באַוויזן דער שטומער פויער מיט זיין אַלטן לאָם וואָס גייט אים נאָך ווי אַ הונט. ער האָט זיך געזעצט אויף די טרעפּ פון קלויסטער, געגעסן ברויט מיט קנאָבל און פון דעם אויך צוגעטיילט זיין בהמה.

נאָך דעם האָט זיך באַוויזן קאַזוציק, דאָס גראָע, באָרוועסע פויערל, וואָס מאַכט פייפלעך פון ווייכע, גרינע וויצעס. נאָכאַנאַנד געפּפנט זיין טיפע טאָרבע און אויסגעפּרוווט אַן אַנדער פייפעלע. פון זיין מויל האָט אַרויסגעשפּילט דער ניגון פון פויגלען וועלכע בריען

זייערע אייער, פויגלען וועלכע פליען צום ערשטן מאָל אַרויס פון נעסט און אויך וועגן אזוינע וועלכע פאַלן פון די הייכן טויטע אויף דער זומפּיקער ערד פון וואַלד...

מיט זון־אויפגאַנג האָבן זיך אויפן מאַרקפּלאַץ ענדלעך אויך באַוויזן די טרייפער בערן־טרייבער מיט זייערע חיות, די קאָנקור־רענטן פון די קאָוואַרסקער בערן־טרייבער אין די פּאַלאַצן פון די מאַגנאַטן.

# מיין זיידנס לבנה

אין אַ כמורנעם ערב־פרילינגדיקן טאָג האָט מיך אַ פור געפירט צום זיידן קיין פּאַווירינצע, אַ מאַיאָנטעק וואָס איז געלעגןביים ברעג פון טייך ווירינטע.

איך בין געפאָרן אין געסט אויף פּסח. אַ הויכער פויער מיט געלע וואָנצעס, אַ פּאַרעבאָק (לאַנד־ארבעטער) ביים זיידן פון כּמה יאָרן, איז געווען דער פורמאַן. ער איז נאָכגעגאַנגען נאָכן וואָגן, געקנאָטן מיט די שווערע הילצערנע אָפּצאַסן פון זיינע שטיוול די בלאָטע וואָס האָט זיך צעלייגט לענג־אויס פּאַווירינצער וועג, כּסדר אָנגעהויפנט בינטלעך היי און שטרוי אַרום מיר און נישט אויפגעהערט מיר צו פרעגן:

— קאַלט, לייזערוקאָס ?... דער זיידע דיינער, מאָושע, האָט מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל דיך גוט איינדעקן מיט היי און שטרוי ווי אַ קליין, שוואַך הינדעלע. שטאָטישע קינדער האָבן דאָך מורא פאַרן פעלדישן ווינט.

אַ טרויער האָט צוזאַמענגעדריקט מיין קינדיש האַרץ, אַזוי אַז איך האָב קיין כּוח נישט געהאַט צו ענטפערן. איך בין געזעסן טיף אין וואָגן און ארויסגעקוקט אויף די פעלדער אַרום. דער ווינטער איז אַוועקגעגאַנגען ווער ווייסט וווהין, מיטגענומען מיט זיך די שנייען און איבערגעלאָזן די ערד אַ נאַקעטע. אַ שניידיקער ווינט רייסט די צווייגן פון די איינזאַמעביימער וואָס זעען אויס ווי פאַרבלאָנדזשעטע אין די זומפּיקע פעלדער. אַ גרויסער פויגל פליט אַזוי נאָנט לעבן אונדזער פור, אַז נישט ווילנדיק מוז איך זיך פאַרקוקן אויף זיינע ביסטרע, שוואַרצע אויגן.

דער פויער האָט אַריינגעשטעקט די הענט אין זיינע קעשענעס און פון דאָרט אַרויסגעשעפּט הויפנס ברעקלעך, רעשטן פונעם ברויט וואָס ער האָט אויפגעגעסן אין וועג.

— די פייגל — האָט דער פויער געזאָגט און געוואָרפן די ברעקלעך פאַרן פויגל — זיינען אין ווינטער געגליכן צו בעטלער. ווען די פעלדער פאַרמאַכן די לאַפּעס און גיבן נישט קיין גערעטעניש, מוזן זיי אָנקומען צו אונדז, מענטשן.

איך באַנעם אָבער נישט אַצינד דעם פויערס רייד. איך טראַכט איצט פון דער שטיפבאָבען מיינער, דעם זיידע משהס צווייטע ווייב, מיט וועלכער איך וועל זיך באַלד באַקענען.

פון דעם היי און שטרוי אַרום מיר צעגייט זיך אין אַלע מיינע גלידער אַ מחיהדיקע וואַרעמקייט. דער וואָגן וואָס הייבט זיך אויף היגלען אַרויף און קייקלט זיך אַריין אין קליינע טאָלן, פאַרוויגט מיך ווי אַ גוטע באָבישע האַנט. אויף קורצע ווייל עס דרעמל איך איין. אין די דאָזיקע ווייל עס אַנטפּלעקט זיך פאַר מיר מיין טויטע באָבע איטע. אויף די אַקסלען טראָגט זי די גרינע פאַטשיילע אין וועלכער איך בין איצט אַרומגעוויקלט. אירע האָר זיינען זילבער וויים. אויף אירע ליפּן שפּילט אַ שמייכל, וואָס מאַכט איר פּנים יונג און שיין.

איך ווייס אָבער אַז די באָבע איז געשטאָרבן. וועק איך מיך דעריבער שנעל אויף פון שלאָף און עפן אויף די אויגן.

דער טאָג גייט אָוועק פון דער געגנט צוזאַמען מיט די וואָלקנס אין הימל. דער אָוונט קריכט אַריין אין די באַקעטע וועלדלעך, אין טייך ווירינטע, אין די קליינע, ווייטע אָזערעס, וואָס גלאָצן געהיים פון דער ערד אַרויס. אַפילו די גרויסע, אַלטע שטיינער ביים וועג ווערן אויך טונקעלער.

— איז נאָך ווייט צו פאַווירינצע ?— פרעג איך דעם אָנטרייבער וועלכער גייט ביי דער זייט פון וואָגן.

דער פויער ענטפערט ניט גלייך. ער קוקט אויפן פערד מיט אַ

שטומען פרעגנדיקן בליק. איך זע אַז די בהמה שוויצט. אַ פּאָרע שלאָגט איר פון גאַנצן לייב.

פון אונטערן שטרוי אין וואָגן שלעפּט דער פּאַרעבאָק אַרויס אַ זאַק און וואַרפט אים אַרויף אויפן רוקן פון פערד, בכדי די קעלט זאָל אים נישט כאַפּן. די בהמה בלייבט שטיין און רוט זיך אָפּ. שפּעטער רייסן מיר זיך אָפּ פון אָרט און מיר פאָרן ווייטער.

— ניט ווייט פון דאַנען איז פּאַווירינצע — ענטפערט דער פויער ענדלעך אָפּ — אָט דאָרטן — ווייזט ער מיר מיטן שפּיץ פון זיין בייטש־שטעקל צו דער זייט ווו דער פּאַרוואָלקנטער הימל גאַרטלט אַרום די ערד.

האָב איך דעריבער טאַקע געמיינט אַז פּאַווירינצע ליגט באַהאַלטן אין כמארעס...

וואָס מערער מיר האָבן זיך דערנענטערט צו פּאַווירינצע, אַלץ מערער איז דאָס פינצטערניש געדיכטער געוואָרן. אַז דער פּאַרעבאָק האָט מיר סוף כל סוף געוויזן דעם טויער פון זיידנס מאַיאָנטעק, האָט שוין די נאַכט געהאַט אַנגעצונדן אַלע קליינע פייערלעך אין די הייכן.

דערנאָך איז אויך אַרויסגעטראָטן אַ פּולע, ליכטיקע לבנה. זי האָט אונדז טריי באַגלייט, ווי אַ גוטער שפּינער געשפּונען לאַנגע, מאָוימדיקע שאָטנס אויף שריט און טריט.

די ליכטיקייט איז אָבער געווען אַזאַ שאַרפע, אַז מיר האָט זיך געדוכט, אַז די לבנה האָט אויף דער ערד אַראָפּגענידערט און גייט נאָך נאָך אונדזער וואָגן. האָב איך זיך דערפאַר נאָך מער איינגענור־רעט אין היי פון וואָגן און פּחד געהאַט אַ בליק צו וואַרפן אויף הינטערווייִלעכץ...

אַ פאַר וויאָרסט פאַר פּאַווירינצע איז דער זיידע מיך אַרויס באַגעגענען. ער איז געגאַנגען אַנגעטאָן אין אַ שאָפּן־פעלץ, אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ שטאָק, וואָס איז העכער געווען פאַר זיין וווקס,

אום נישט געשטרויכלט צו ווערן אויפֿן בלאָטיקן וועג.

און אַז זיין ווייסע, זויבערע באָרד האָט אין לבנה־שיין פֿאַר מיינע בליקן ווי איידעלער זילבער אַ פֿלאַטער געטאָן, האָב איך אָנגעהויבן צו מאַכן קולות:

— זיידקע — האָב איך געשריען — קום גיכער אַהער!

דער זיידע משה האָט מיך אַרויסגעהויבן פֿון וואָגן און האָט מיך געקושט אין די פּולע, רויטע באַקן, אין שטערן און ליפּן. איך אָבער בין אַזוי אויפֿגערעגט געווען פֿון דעם באַגעגעניש, אַז איך האָב דעם זיידנס באָרד איינגעקלאַמערט אין מיין קליינעם פֿויסט און כסדר געפּרעפּלט:

— זיידקע, זיידקע.

— מזיק, דו וועסט מיר אַרויסרייסן די באָרד מיטן וואָרצל צוזאַ־מען — שמייכלט צו מיר דער זיידע מיט זיין פּולע מויל שיינע, בלענדנדיק־ווייסע ציינער. איך זע ווי זיין שמייכל רינט פֿון זיין פּנים אַראָפּ און שמעלצט זיך צוזאַמען מיט דעם ליבן שמייכל פֿון דער לבנה וואָס פֿלאַטערט דורך דער געגנט.

און ער פֿרעגט מיך אויס אויף דעם טאַטן, אויף זיין טאָכטער — מיין מאַמען, אויף ברידערלעך און שוועסטערלעך. צי איך בין גע־בליבן דער אייגענער מזיק וואָס אַמאָל, פֿאַרגעסט ער מיר אויך נישט צו פֿרעגן.

ער האַלט מיך אויף דער האַנט, דער זיידע, און קוקט מיר אין די אויפֿגעשטראַלטע אייגלעך אַריין. איך פֿאַרקריך מיט מיינע קליינע, קינדישע פֿינגער אין זיין מויל אַריין און וויל זען ווי אַזוי די גאָלדענע שטראַלן וואָס קומען פֿון ביינאַכטיקן הימל שפּיגלען זיך אין זיינע מילך־ווייסע ציין.

זיצנדיק ביים זיידן אויף דער האַנט, זע איך אַז אויף דער לבנה־דיקער ערד קריכן אונדז נאָך צוויי שוואַרצע, גרויליקע באַשעפֿענישן.

— זיידע, איך האָב מורא — שפּרייט איך אויס מיינע קליינע אָרעמס אויף מיין זיידנס ברייטער ברוסט — צוויי שוואַרצע מענטשן,

איינער אַ קלײנער און איינער אַ גרויסער, גייען אונדז נאָך...

— וואָס שרעקסטו זיך, נאַרעלע, דאָס זיינען דאָך אונדזערע ביידנס שאָטנס וואָס פאַלן אָפּ פון אונדז.

דערנאָך נעמט מיך דער זיידע אַריין ווי אַ קליין, ציטערדיק לאַם אין זיין בוזעם אַריין. עס ווערט מיר היפּש וואַרעם. אָבער ווען איך קוק זיך אַרום אין זייט, געפין איך שוין מער ניט מיין שאָטן.

— זיידע, ווו איז מיין שאָטן?

— מיין גרויסער שאָטן האָט איינגעשלונגען דיין קליינעם שאָטן — זאָגט צו מיר מיין זיידע — שלאָף, מיין אייניקל, דו בינסט דאָך מיד פון וועג...

*

איך וואַך אויף אין מיטן נאַכט און געפין זיך אין אַ קליינער שטוב מיט אַ נידעריקן סופיט. אין וואַנט לעבן געלעגער אויף וועלכן איך שלאָף — אַ קליין פענצטערל, דורך וועלכן עס קוקט אַריין אַ זייער ליכטיקע נאַכט.

דער זיידע איז לעבן מיר נישטאָ. הייב איך אָן צו קלאָגן אויפן קול:

— ווו איז דער זיידע, איך האָב מורא!..

עפּעס אַ ווילד־פרעמדע שטים פון אַ פרוי באַרויקט מיך פון אַ ווינקל אַרויס:

— זיי רויק, מיין קינד, דער זיידע וואַשט זיך איצט אין בעדל וואָס געפינט זיך הינטער אונדזער שטוב. ער וועט באַלד אַרויסגיין אויפן פעלד שעפּן וואַסער פון ברונעם, וועסטו אים זען.

און איך זע טאַקע באַלד אַ נאַקעטן מענטש וואָס טראָגט אַ פולן עמער וואַסער אין האַנט און אין עמער נעסטיקט אַ גרויסע גאָלדענע לבנה.

אין דעם נאַקעטן מענטש מיט דער שיינער באָרד דערקאָן איך גלייך דעם זיידן.

אַ הייס באַגער אָנצוטאַפּן די גאָלדענע לבנה אין עמער וואַסער

באַפּאַלט מיך און איך פּייקל מיט די קינדערישע פינגערלעך אין די שייבלעך פון דאָרפישן פענצטער.

— זיידע — בעט איך זיך ביים נאַקעטן מענטש אין דרויסן — טראָג מיר אַריין די לבנה אין שטוב, איך וויל זי אָנטאַפּן.

— באַלד, אייניקל מיינס, באַלד — דערגייט צו מיר אַ קול, און איך שלאָף איין.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און נאָך היינט צו טאָג, ווען עס זיינען שוין אריבער יאָרן נאָכן זיידנס טויט, זע איך ניט איין מאָל אין לבנהדיקע נעכט דעם אַלטן מאַן וואָס שטייט אַ נאַקעטער, מיט אַן אָפענעם לייב, פּנים־אל־פּנים מיט דער פרילינגדיקער פאַווירינצער נאַכט, און איך בענק נאָך זיין זיידישער לבנה, וואָס ער האָט מיר צוגעזאָגט אַריינצוטראָגן אין שטוב אַריין...

# די לעצטע יידן

אין איינעם אַ שבת פאַרנאַכט פאַר ראש־השנה האָט זיך איבער שלמה מאַגזינטאָווערס שטוב באַוויזן אַ ראָב און אָנגעהויבן צו פּיקן די שוואָמען און קרייטעכצער, וואָס זיינען אַרויסגעוואַקסן פון אַלטן, מאָכיקן שטרוי פון דאַך. דערנאָך, אַז דער אָוונט איז טיפער געוואָרן, האָט דער פויגל אָנגעהויבן צו שרייען. די געשרייען האָבן צונויפגעזאַמלט אַרום שלמהס כאַטע די עטלעכע יידן פון דאָרף, זייערע ווייבער און קינדער. אויך פויערים מיט זייערע הינט זיינען געקומען צו גיין. זיי האָבן אַלע געהאַלטן די קעפּ פאַרריסן אין דער הייך און אָנגעקוקט דעם שטאָפּעט פון האַרבסט, וואָס איז פון ערגעץ ווו אָנגעפלויגן.

— וואָ, שליאָמקאָ, — האָבן די עלטערע פויערים גערעדט צו שלמה מאַגזינטאָווער — שוין צייט פאַר אונדז אַרויפצוקריכן אויפן וואַרעמען אויוון, די וואָראָנע זינגט שוין...

דאַן האָט זיך אַ כאַפּטע קראָען באַוויזן, מיטגענומען מיט זיך דעם ראָב, וואָס האָט מיטן שאַרפן שנאָבל זיינעם ניט אויפגעהערט צו קנייפן דעם שטרויענעם דאַך און אַלע צוזאַמען האָבן אַוועקגעפליגלט אין די מיט־נאַכט־פאַרפולטע פעלדער.

די מענטשן פון דער ערד זיינען געשטאַנען אין דער געדיכטער טונקלקייט פון סוף חודש. אַ קילקייט, אַ סוף־זומערדיקע, האָט זיך געוויקלט אַרום די באָרוועסע פיס. בכדי זיך צו דערוואַרעמען האָבן זיי געריבן די רעדלעך פון פייערמאַשינקעס אָן די האַרטע דלאָניעס, פאַררייכערט, געצויגן דעם רויך אין זיך מיט אַזאַ תאווה, אַז דאָס

לעבעדיקע פייער אין די ליולקעס האָט זיי באַלויכטן דאָס גאַנצע פּנים.

די יידן האָבן גערעדט מיט די גויים וועגן פערד, וועמענס פּרייז עס האַלט אין פאַלן, וועגן הערינג, זאַלץ וואָס זיינען טייערער געוואָרן, וועגן דער מאָגערער גערעטעניש פון האָניק. מ׳וועט מוזן היינטיקן האַרבסט — האָבן די גויים נביאות געזאָגט — קויפן מעל־צוקער אין שטאָט און אַריינלייגן אין די בינשטאָקן, אַז ניט וועלן ווינטער די בינען אויסגיין פון הונגער. מיטן אייגענעם אויסגעלייגטן האָניק וועלן זיי זיך קוים קענען שפּייזן.

אַ היפּשע צייט האָבן די יידן און פּויערים געבאַלעמוטשעט וועגן דאָס און יענץ. אַז די קוואַלן פון גערייד זיינען אויסגערונען אין דער פינצטערניש, האָט מען אָנגעהויבן גענעצן הויך אויפן קול, אַזוי אַז עס האָט זיך אין גאַנצן דאָרף געהערט.

מען איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען. פון די וועלדער וואָס לויערן פון אַלע זייטן אַרום מאַגזינטאָווע איז דערגאַנגען דאָס טרוקענע קלאַפּן פון די בלעטער איינע אָן די אַנדערע. דאָס רוישן איז אַלע ווײַלע אַלץ שטאַרקער געוואָרן, אַזוי אַז עס האָט זיך די יידן געדאַכט אַז די וועלדער רוקן זיך אַלץ נענטער צום דאָרף, וועלן אַרויפקריכן אַזש אויף זיי.

פון הינטער די ביימער־וועגט האָבן געקלונגען ברוסטיקע שטימען. אין דער נאַכט פון שבת אויף זונטיק זיינען די בחורים פון די דערפער אַרומגעגאַנגען אין דער פאַרוואָקסענער געגנט, געבראַכן צווייגן, זיך געפּאַטשט איינע די אַנדערע אין די געזונטע קאַרקן אַריין און געשריען: „וואַליאַ״! צו מאָל האָבן זיי אויך געזונגען „דאַינעס״.

שלמה האָט צוגענייגט אָן אויער צו די שטימען וואָס קומען פון דער ווייט. זיין געהער האָט דערקאָנט יעדן קול באַזונדער.

— בריעדיס זינגט היינט ווי אַ זשאַבע אין די זומפּן — האָט ער געזאָגט.

— וואָסער בריעדיס ? — זיינען די יידן צו אים צוגעשטאַנען.

— פון די מאַצקעלישקער בריעדיסן.

אַנגעשפּאַרט אָן שלמהס פּאַרקאַן, זיינען די יידן געשטאַנען און געשוויגן. זיי האָבן יאָ געהערט וואָס ער האָט געזאָגט און ניט געהערט. פון דער מחשבה ווי אַזוי צוזאַמענצוקלייבן אַ מנין צו זאָגן סליחות אום האַלבער־נאַכט אין דעם אַלטן הילצערנעם דאָרף־שולכל איז זיי ענג געוואָרן אין מוח. אין דער דאָזיקער שטומעניש האָבן זיך געקליבן גאַנצע שטראָמען רייד ווי וואָסערן אַרום אַ מיל ווען עס ווערן פאַרמאַכט די זאַסטעווקעס.

— פאַר ראש־השנה בענקט זיך צו זאָגן סליחות מיט אַ מנין — האָט שלמה מאַגזינטאָווער געקראַצט דעם קין אונטער דער באָרד — אַ גאַנץ יאָר קייט יעדער פון אונדז זיין תפילה פאַר זיך, און אַז דו שטייסט אַמאָל „שמונה־עשרה" און קוקסט אַרויס דורכן פענצטער, זעסטו בלויז צלמים איבער פעלד־קברים. די גאַנצע ערד דאָ איז איין גרויסער מאָהילניק. טפו זאָל עס ווערן !..

ער האָט אַ גרויסן שפּיי געטאָן אין דער נאַכט אריין. די יידן האָט זיך געדאַכט אַז דער שפּיי איז ניט אויף דער ערד געפאַלן, נייערט אויף שלמהס לעבן, אויף זייער אַלעמענס פאַרוואָרלאָזט לעבן.

— חיים טרייפער און יאָשע קורקלער טרייבן היינט ביינאַכט אַ פליט אויף דער שווענטע, טאָ לאָמיר זיי אָפּווארטן ביים טייכברעג און זיי ברענגען אין שולכל אריין צו סליחות.

אַזוי האָט געזאָגט הירשע יישובניק, אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן, וועמענס זיידע עס איז געווען פון די ערשטע יידן אין מאַגזינטאָווע. ער איז געווען אַ לאַנגער, ביינערדיקער מאַנסביל, מיט בלאָנדע וואָנצעס ווי אַ פויער. אויף אַ פערד האָט ער געריטן ווי אַ רוח, זיך אָנהאַלטנדיק בלויז אָן דער גריווע.

און די מאַגזינטאָווער יידן האָבן טאַקע אָפּגעמאַכט אויפצוזוכן די יידן וואָס שווימען איצט אויף דער שווענטע, זיך דערנענטערנדיק צו זייער יישוב.

אַ פּאָר שעה פֿאַר האַלבער נאַכט זיינען די יידן אַרויס אויפֿן וועג וואָס פֿירט צו דער שווענטע צו. זיי זיינען געגאַנגען גלייך מיט די נאַקעטע פֿעלדער. איינציקווייז האָבן זיי געשפּאַנט אויף הילצערנע, קליינע בריקן איבער טיפֿע, שמאָלע טייכלעך, וואָס האָבן געשאַרפֿט זייערע שטראָמען אָן הויכע, שפּיציקע שטיינער. די יידן האָבן געקאָנט די שטים פֿון יעדער לויפֿנדיקן וואַסער אין דער געגנט.

— די ווירינטע איז היינט שווייגנדיק — האָט שלמה געזאָגט, אַ סימן אַז עס וועט ביינאַכט זיין רעגן.

אַז זיי זיינען אַרויס אויף די פֿרייע נאַקעטע פֿעלדער, האָבן זיי ניט דורכגעלאָזן קיין איין העכערן אָרט אויף דער נאַכטיקער ערד. טייל פֿון זיי האָבן געטופּעט מיט די פֿיס, טייל האָבן געשריען: הו־האָ. קליינע חיהלעך, פֿעלדמייז און קראָטן זיינען ארויס פֿון זייערע נעסטן אין די טיפֿענישן פֿון דער ערד און זיך צעלאָפֿן אין גרויס פּחד אין דער מיט פֿינצטערניש אַנגעטרונקענער וועלט.

אַ פּאָר וויאָרסט פֿאַרן ברעג פֿון דער שווענטע האָבן זיי שוין אָנגעהויבן צו רופֿן די פּליטניקעס פֿון דער נאַכט אַרויס: חיים טרייפֿער, יאָשע קורקלער! — האָבן זיי געוואָרפֿן זייערע קולות צו דער שווענטע צו. קיין לעבעדיקע באַשעפֿעניש האָט אָבער ניט אָפּגעענטפֿערט.

דאַן האָבן זיי זיך געזעצט אויף דער ערד און אַרויפֿגעקוקט צו די שטערן. שלמה האָט זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער גרייס. די קאַלטקייט פֿון דער ערד האָט אים דורכגענומען.

— די ערד איז שוין קאַלט ווי אַ מת — האָט ער געזאָגט און זיך מיט די אויגן איינגעגראָבן אין די הייכענישן וואָס זיינען איצט אין דער האַרבסטנאַכט טאָפּלט ווייט געווען.

די נאַכט איז אין טיפֿע, ברייטע שטראָמען געפֿלאָסן צווישן צלמים, איבער „פֿיליאַקאָלניסן",* איבער דערפֿער און דורך וועלדער. די

* פֿיליאַקאָלניסן — אנגעשאַטענע בערגלעך איבער פֿאַרצייטיקע קברים.

מאַגזינטאָווער יישובניקעס האָבן ניט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון די הימלען וואָס זיינען געווען פאַרזייט מיט אַן אַ שיעור קליינע, טונקעלע שטערן.

— אַזאַ גרויסן שטערן־פּלאַד האָבן מיר שוין לאַנג ניט געזען — האָבן זיי געזאָגט.

און זיי האָבן אויסגעבויגן די דלאָניעס ווי פּייפּלעך און אַריינגע־שריען אין דער האַרבסטיקער ווייטקייט: חיים טרייפּער, יאָשע קורקלער, ווו זייט איר?

אָבער די וואַסערן פון שווענטע, אויסגעמישטע מיט נאַכט, האָבן זיך שטום געצויגן דורך דער ליטווישער ערד. די סוף־זומערדיקע ווייטענישן האָבן געהאַלטן פאַרשלאָסן די ליפּן און קיין תשובה ניט געגעבן...

די יישובניקעס האָבן זיך צוריקגעקערט אין דאָרף. אַ שטיק וועג זיינען זיי געגאַנגען לענג־אויס דעם שטראָם פון דער שווענטע וואָס האָט אָוועקגעטראָגן אירע שטילע, אומעטיקע וואַסערן אין דער געדיכטער טונקלקייט פון דער האַרבסטנאַכט.

צייטנווייז האָט זיך געהערט אַ שטילער שעפּטש. שלמה מאַגזינ־טאָווער איז געבליבן שטיין און איז אין גאַנצן געוואָרן געהאַרך. ער האָט קיינעם ווייטער ניט געלאָזט גיין.

— שאַ, קינדער, — האָט ער געזאָגט צו די יישובניקעס און געהאַלטן אויסגעצויגן די רעכטע האַנט, גלייך ווי ער וואָלט געוואָלט כאַפּן דעם קלאַנג וואָס האָט זיך שוין אויסבאַהאַלטן אין די נעסטן פון דער שטילקייט — מיר דוכט זיך אַז אַ פּליט שווימט אויף דער שווענטע.

די רוגזה האָט הירשע דעם יישובניק אַ ריס געטאָן פון אָרט.

— נעכטיקע טעג — האָט ער געשפּאַנט, געוואָרפן ווערטער אין דער נאַכט אַריין — חיים טרייפּער און יאָשע קורקלער טופּענען איצט, געוויס, אויפן טייך אַרום די פּוסבאַצקער וועלדלעך. ווען דו

דאָרפסט זיי, זיינען זיי ניטאָ. מאָרגן בייטאָג וועט חיים טרייפּער קומען טרינקען זויערמילך פון אונדזערע לאַדישעס אַרויס. אויף זויערמילך זיינען זיי דאָ!

— חיים טרייפּער זאָגט, אַז זומערצייט איז ער גרייט אויסצו־טרינקען אַ גאַנצע קרעניצע זויערמילך... — האָט זיך וועלפּקע שלמה מאַגזינטאָווערס אָפּגעשטעלט און אָפּגעריסן אַ צווייגל פון אַ נידע־ריקן ביימל — דאָס גייט אים ווייזט אויס אין קראָפּט.

יונגוואַרג האָט געוואָרפן שטיינער אין טייך. די שווענטע, גלייך ווי זי וואָלט געלויערט אויף די באַוועגונגען פון די מענטשן וואָס שטייען ביי איר בעט, האָט נאָכאַנאַנד ערגעץ אַנדערשוו געעפנט אַ פינצטער מויל און איינגעשלונגען אַלץ וואָס מען האָט אין איר אַריינגעוואָרפן. בלויז דער אויפצאַפּל פון וואַסער ביים צוזאַמענ־טרעף מיט די שטיינער האָט אַנגעפּילט מיט אומרו די אַרומיקע פינצטערניש.

— דאָ איז טיף — האָט עמעצער געגעבן צו פאַרשטיין — די שווענטע נעמט דאָ צו די שטיינער מיט אַ הילכיקן קלונג.

די לייט האָבן זיך אָפּגעזעגנט מיטן טייך. זיי האָבן געשפּאַנט איינע נאָך די אנדערע אויף שטעגעלעך פון ווייטע, טונקעלע פעלדער. צו מאָל זיינען זיי פאַרפאַלן געוואָרן אין קליינע, יונגע וועלדלעך און ווידער זיך באַוויזן אויף דער שטיל־שלאָפנדיקער ערד, אונטער די שטומע האַרבסטשטערן.

אַ פעלדמויז האָט זיך פאַרבייגעשלייכט פאַרביי שלמהן. פלוצלינג, ווי די ערד וואָלט זי אָקאָרשט געהאַט געבאָרן, איז זי אויסגעוואַקסן אונטער זיינע פיס.

— ניט געדאַכט זאָלסטו ווערן — האָט שלמה שטאַרק אַ טופּע געגעבן מיט די פיס, אַזוי אַז די האַרטע קאָלטענעס פון זיין באָרד האָבן זיך אַ שאָקל געגעבן ווי פון אַ באַהאַלטענעם ווינט — ווו מען זייט זיי ניט, וואַקסן זיי, די משחיתים!

און ער האָט זיך דערמאָנט אַז די פעלדמייז פאַרקריכן אָפּט אין

די גריבער ארום מאַגזינטאָווער הייזער, דאָרט ווו עס ווערן אויפגע־היט די קאַרטאָפל אויף ווינטער. לעכער פון פעלדמייז האָט ער אויך געפונען אונטערן פונדאַמענט פון דעם הילצערנעם דאָרף־שולכל.

— אויב מיר וועלן אַליין ניט צעלייזן פון מאַגזינטאָווע מחמת אומעט און גריזאָטע, שונאי־ישראל — זאָגט שלמה — וועלן אונדז די מייז פאַרטרייבן. איך זע, קינדער, אַז עס איז אַ פאַרפאַלענע זאַך. גלייכער זיך צו שלאָגן מיט פייער, וואַסער, אָבער ניט מיט פעלד־מייז. אַמאַליקע יאָרן האָבן מיר פון אַזוינע שלעק ניט געוווּסט. היינט אָבער אַז מיר זיינען געבליבן זיצן אין אַ ליידיקער נעסט, זיינען אונדז באַפאַלן מיאוסקייטן. מיאוסקייטן דערשמעקן גיך דעם חורבן אויף מיילן ווייט...

שלמה האָט גערעדט און אויפגעהערט. די מאַגזינטאָווער זיינען געגאַנגען נאָך אים און געטראָגן אויף זיך דעם יאָך פון אַ טיפן שווייגן. קולות, קוים צו דערהערן, אָפגעשוואַכטע פון דער ווייטקייט וואָס זיי זיינען אַפּגעפלויגן, האָבן זיי אָנגעיאָגט. אין אַ וויענאַ־סעדיס * האָט זיך אַ הונט געוואָרגן מיט זיינע אייגענע בילערייען. אַ צווייטער הונט האָט אים אין דער ווייטקייט אָפּגעענטפערט.

אַ שטאָק־פינצטערע נאַכט הויערט איבער אַן אומענדלעך ווייטן, וויסטן פעלד. קיין לעבעדיק באַשעפעניש איז ניט צו זען אין גאַנצן אַרום. בלויז סאַמע דאָרט ווו דער הימל גיסט זיך אַריין ווי אַ פעך־שוואַרצער טייך אין בוזעם פון דער פינצטערניש ליגט אַ הויפן קליינע, פאַרלאָשענע הייזער: — מאַגזינטאָווע !...

אַ נאַקעטער מענטש וואַקסט דאַן אויס אויפן פינצטערן פעלד. שלמה מגזינטאָווער קוקט אַן דעם אַנטבלויזטן, ווייסן גוף וואָס גיט אָפּ דעם אַרום אַ מין קאַרגע ליכטיקייט, ווי אַ צאַנקנדיקע לבנה אין סוף חודש... ער קוקט לאַנג מיט אויפגעריסענע אויגן, און וואָס

* וויענאָסעדיס — אַן איינזאַמער יישוב אויף פעלדער.

מערער ער קוקט, אַלץ קלאָרער ווערט אים אַז דאָס אַנטהילטע לייב איז דאָך ער אַליין...

פון אומעטום, פון וואַנען די וועלט האָט נאָר אַן עק, באַווייזן זיך בינטלעך פעלדמייז, לכתחילה פאַרפּלייצן זיי די גאַנצע שטיק וועלט אַרום נאָקעטן שלמה מאַגזינטאָווער. זיי שווינדלען פאַר זיינע אויגן מיטן אומרו פון צעיושעטע מוראַשקעס. אין אַ ווײַלע אַרום הייבן זיך אָבער די מיאוסקייטן אָן צו ציען אין לאַנגע שטראָמען איינע נאָך די אַנדערע. זיי גענענען צו שלמה מאַגזינטאָווערס אַנטבלויזטן לייב, באַשמעקן אים און הייבן אָן צו גריזשען די נעגל פון זיינע פיספינגער. טייל פון זיי קלעטערן אַרויף אויף זיין גוף ווי וועווער־קעס אויפן שטאָם פון אַ געוווקסיקן בוים, שפּאַצירן אַרום איבער זיין בויך, ברוסטקאַסטן, פאַרקלייבן זיך אונטער די פאַכוועס און — שלמה דערפילט מיט אַ מאָל די גראַבלענדיקע טריט פון די מיאוס־קייטן איבער זיין רוקן.

דער פרי־האַרבסטיקער פאַרטאָג פאַרטרייבט די נאַכט פון אַרום שלמהס כאַטע. שלמה שלאָפט אויפן קאַלטן אויוון אַן אָנגעטאָנענער. די סלינע רינט אים אין באָרד אַריין. ער כראָפּעט אומהיימלעך און בריקעט מיט די באַשטיוולטע פיס גלייך ווי ער וואָלט וועלן אימעצן פון זיך אָפּטרייבן. ער וואָרפט אויך מיט די הענט און רייסט פון זיך דעם שלאָף וואָס האָלט אים געבונדן.

און ער הייבט אָן צו יאָמערן. מיט משונה־ווילדע קולות וואָס דער חלום האָט אים אויף דער צונג געלייגט, ברענגט ער פון זיך אַרויס דעם שרעקבילד וואָס ער זעט.

וועלפקע, שלמהס איינציקער זון, וואָס די פאַרשטאָרבענע ווייב האָט אים איבערגעלאָזט, שפּרינגט אַראָפּ פון געלעגער און רייסט אַרויס דעם טאַטן פון וויסטן חלום.

— טאַטע, שטיי אויף, דו רעדסט פון שלאָף!..

שלמה כאַפּט זיך אויף. מיט אויפגעריסענע, טעמפּע אויגן קוקט ער אויף זיין וועלפקען, פונקט ווי ער וואָלט אים ניט דערקאָנט.

— טפו — גיט ער אַ שפּיי פון אויוון צום דיל־אַראָפּ — טפו, וואָס איז דאָ?

— טאַטע, דו האָסט גערעדט פון שלאָף.

— וועלפקע, גיב מיר אַ שעפּער וואַסער. איך האָב געזען אַ חלום פול מיט מיאוסקייטן.

שלמה זיצט אויפן אויוון און טרינקט. דאָס פאַרוואַקסענע פּנים זיינס האַלט ער אַריינגערוקט אין שווערן קופּערנעם שעפּער. ער זשליאָקעט מיט גרויס הנאה דאָס וואסער, אַזוי אַז ער פילט גאַרניט ווי קליינע ריטשקעלעך ריזלען פון באָרד אַרויס.

דאָס רעשט ביסל וואַסער פון שעפּער גיסט ער מיט אַ פּליושק אַראָפּ אויפן ערדענעם דיל.

— גיב נאָך, — זאָגט ער צו וועלפקען — עס ווילט זיך טרינקען, אַ סוף אין דער וועלט!

נאָכדעם דרייט ער זיך איבער אויף דער אַנדער זייט און האָט בדעה איינצושלאָפן. אבער ער ליגט מיט אָפענע אויערן און האָרכט.

— דער האָן האָט שוין געקרייט?— פרעגט ער וועלפקען. קיינער אין דער כאַטע ענטפערט ניט. וועלפקע איז איינגעשלאָפן.

— מען דאַרף אַ ביסל אַרויסגיין אויף דער לופט — טראַכט ער ליגנדיק — פרישע לופט פאַרטרייבט די ניט־גוטקייט.

ער גייט אַרויס אויפן גאַניק. די וועלט אַרום שטעקט נאָך ביז איבער די אויערן אין שלאָף. אַ מילך ווייסער נעפּל דעקט צו די וועלדער ביז זייערע שפּיצן. פון טאָל אַרויס, צופוסנס זיין כאַטע דערגרייכט צו אים דאָס מורמלען פון וואַסערל, ווו ער האָט אַמאָל, אַ קינד זייענדיק, די קאַטשקעס אַוועקגעלאָזט שווימען. דאָס וואַסערל זעט ער ניט אַצינד. דער האַרבסטיקער באַגין האָט אים פאַרשלייערט מיט זיבן שלייערן...

צו מאָל דערהערט ער אַ סקריפּ פון רעדער. אויפן וועג קיין ציטשליוועקע פאָרט אַ פורל און אַ פערד קלאַפּט דאַרט מיט די פּאָדקעוועס. אָבער אלע, אלע — דאָס פערדל מיט די ביינער, דאָס

וועגל און דער וועג מיט די נידעריקעביימלעך ביי דער זייט ליגן אין געדיכטן נעפּל ווי אין דער מאַמעס בויך...

שלמה האָט נאָך אין טעם דעם מיאוסן חלום. ער וואָלט איצט אַריינגעטרונקען אַ גאַנצן ברונעם וואַסער — טראַכט ער זיך — און גייט טאַקע צום ברונעם. דאָס וואַסער אין דער טיפעניש איז נאָך ניט גערירט פון נעכטן פאַרנאַכט, נאָכן געבן די בהמות טרינקען. נאָך לאַנגע יאָרן נישט באַמערקן, דערזעט ער אַז די קלעצער אַרום ברונעם זיינען גרין פון מאָך. ווי אַן אַלטער קבר זעט דער ברונעם אויס. אַ מורא אין אים אַריינצובליקן... דער זיידע קיווע מאַגאַזינ־טאָווער האָט אים געגראָבן. לויט בוליאַליס׳עס, דעם אַלטן פּאָסטעכס חשבון, איז שוין דער זיידע איבער פופציק יאָר טויט.

שלמה ציט אַראָפּ די קייט מיטן עמער אין דער טיפעניש. דער ברונעם־קלאָץ קרעכצט דעם קרעכץ פון אַלע אלטע ברינעמער־שטאַנגען...

און דער קרעכץ דערציילט אז דער זיידע קיווע האָט אָוועקגעשענקט ס׳ערשטע ביסל געהילץ צו בויען דאָס שולכל אין מאַגאַזינטאָווע. אַ בינטל יידן האָבן דאָן מיט אַ יאָר אַכציק צוריק געדונגען ערד ביי דעם פּריץ טאָינסקי, דעם אַלטן. די ערד איז געווען רוי, ניט באַאַקערט פון ששת ימי בראשית אָן. קליינע וואַסערלעך זיינען צווישן נאַקעטע וואָרצלען פון ווילדע ביימלעך דורך אָט דער ערד גיך־גיך געלאָפן און אַריינגעפאַלן אין דער שווענטע אַריין. אַז די יידן זיינען געקומען צום פּריץ און אים געזאָגט אַזוי און אַזוי, האָט זיי דער פּריץ געענטפערט: גוט, יידעלעך, איך גיב אייך מיין ערד אין אַרענדע בתנאי איר זאָלט די קוועלכעלעך וואָס לויפן דורך מיינע פעלדער היטן ווי די אויגן אין קאָפּ.

— אַזוינע זיסע און קאַלטע קוועלכעלעך — האָט ער זיי געזאָגט, דער פּריץ — זיינען אין גאַנץ ליטע נישטאָ, זיי מאַכן געשמאַקער דאָס וואַסער אין דער שווענטע.

— ווו איז די שווענטע? — טוט זיך שלמה אַ פרעג. אַ פעטער

מילכיקער וואָלקן ליגט איבער דער ערד און זיין געדאַנק פּאַרלירט אין גאַנצן דעם וועג צום טייך, צו וועמען ער וואָלט אפילו ביינאַכט גיין מיט פאַרמאַכטע אויגן.

ווי פון הינטער אַ וואַנט דערהערט ער פּלוצעם דאָס קול פון פּאַסטעכס טראָמפּייט. דער מע־מע פון שעפעלעך, דער הייזעריקער מו־מו פון קי קומען ווי פון ערגעץ ווייט. שלמה ווייסט אָבער אַז די בהמות זיינען צעשאָטן נאָנט ארום אים.

ווידער אַ טרומייטערן פון סקערדזשיוס *. די קולות ווערן אַלץ דייטלעכער, שווימען אַן נענטער צום געהער. לכתחילה שיילט זיך אַרויס פון טומאַן דאָס אָפענע מויל פון אַ לאַנגער דודע, דערנאָך באַווייזט זיך אויך בוליאַליס, דער אַלטער פּאַסטעך. אים לויפט געטריי נאָך אַ טשערעדע לעמער, צעשיט זיך אין וואָלקן און וויקלט זיך ווידער ארום זיינע פיס.

— לאַבאַס (גוטמאָרגן), בוליאַליס — וואַרפט אים שלמה צו די מאָרגן־ברכה, ווי מען וואַרפט אַמאָל צו אַ פאַרבייפליענדיקן פויגל עטלעכע קערנער.

— וואָ, בוליאַליס — זאָגט שלמה — דער היינטיקער נעפּל איז געדיכט ווי אַ וואַסער. אַזוינע נעפּלען פאַלן די פערד אויפן האַרצן. זיי הייבן פון דעם אָן צו הוסטן.

— איי, ברודערל — נעמט בוליאַליס אַרויס אַן אויסגעבויגענעם טשוואָק פון קעשענע און הייבט אָן צו רייניקן די ליולקע וואָס איז פון נעכטיקן רייכערן פול געוואָרן מיט סאַזשע — אַזוינע נעפּלען האָב איך שוין ניט איין צענדליק געזען אויף מיין לעבן. צום סוף פון מיין ערשטן פיטער־יאָר בין איך אין איינעם אַזאַ באַגינען, אין איינעם מיט מיין טשערדע אַרויסגעגאַנגען אויף דער לאָנקע. איך האָב געדאַרפט פיטערן אַרום דעגינצע. איז אָבער דער טומאַן געווען געדיכט און פאַרפירעריש ווי אַן אומבאַקאַנטער וואלד. איך האָב

* סקערדזשיוס — דער עלטסטער פּאַסטעך, וואָס האָט אונטער זיך באַהעלפער.

געפירט און געפירט מיין סטאַדע ביז די זון האָט זיך ענדלעך באַוויזן. אַז איך האָב אָנגעקוקט די געגנט אין וועלכער מיר געפינען זיך, איז פּאָר אונדז מיט אַ מאָל אויסגעוואַקסן אומיגאַלאַ, צען וויאָרסט פון דעגינצע.

בוליאַליס נעמט אַראָפּ דעם ברייטן שטרוי־קאַפּעליוש פון קאָפּ, גראַבלט פון אים אַרויס אַ ביסל היימישן טאַבאַק און פילט אָן די ליולקע. קנוילן רויך פאַרוויקלען זיין פּנים.

— דעם טאָטן מיינעם געדענקסטו? — טוט אים פלוצלינג שלמה אַ פרעג.

— אָ, צי איך געדענק אים? — איך געדענק אים נאָך בשעת ער איז געווען אַזוי הויך ווי אָט דער שעפּס — ווייזט אָן בוליאַליס אויף אַ שוואַרצן לאַם וואָס רייבט דעם לייב זיינעם אָן זיינע באָרוועסע פיס — איך געדענק אויך דיין זיידן קיווע. אַ געזונטער ייד געווען, ציין פאַרמאָגט שטאַרקע ווי די שטיינער. ער האָט די היגע שקאָלאַ (שול) — ווייזט ער מיט אַ פינגער אויפן נעפּל אין דער זייט פון שולכל — געבויט. אויך הילצערנע בריקלעך געלייגט איבער די וואַסערלעך אין דער געגנט. און אַז פרילינג פלעגט קומען און דער שניי פלעגט אָנהייבן לאָזן, איז דער זיידע דיינער ניט פויל געווען אַראָפּצונעמען די בריקלעך און זיי צו באַהאַלטן ביי זיך אין שטאַל ביז די טייכלעך וועלן אויפהערן צו שומעווען און צוריק אַריין אין די אייגענע ברעגן. איך האָב אַמאָל געזען ווי ער האָט אויף דער פלייצע אָנגעלאָדן אַ בריקל און געטראָגן צו זיך אַהיים.

— ווי אַלט ביסטו, בוליאַליס? — פרעגט שלמה דעם פּאַסטעך.

— איך טרייב שוין דעם ניינטן צענדליק. איך קלייב שוין געלט אויף אַ טרומנע — האָט ער ארויסגעצויגן פון בוזעם קעשענע אַ לייוונט בייטעלע, אַרומגעוויקלט מיט אַ שטריקעלע — איך האָב געזען ווי מען בויט אייער שקאָלאַ, געזען ווי מען האָט אויפגעבויט אַ סך קלויסטערלעך, אין די קלויסטער־דערפלעך פון אָט דער געגנט.

— און איצט, בוליאַליס, גייט אויס מאַגזינטאָווע ווי אַ דינע

אָנגעצונדענע קינעלע. אומעטיק צו לעבן ביי אונדז ווי אויף אַן אַלטן מאָהילניק. אַ סך יונגע מאַגזינטאָווער זיינען זיך צעלאָפן אין ווייטע לענדער. די שקאָלאַ ביי אונדז — שוין אַ האַלב־יאָר ניט געעפנט, ניטאָ פאַר וועמען! קיינער קומט אין איר ניט אַריין. אַפילו גאָט האָט שוין אויך ביי אונדז קיין אָרט ניט.

— פאַר אייער גאָט, שליאָמקאַ, זאָלסטו ניט דאגהנען. איז ניט מאַגזינטאָווע, זיינען נאָך דאָ יידן אין פוסבאָצקע, טרייפּ, אין מאַצ־קעלישאָק. אייער גאָט וועט שוין אַ „סטאַנציע" (גאַסט־קאַמער) ווי איבערצונעכטיקן געפינען... איר דאַרפט אַלע אַריבערפאָרן אין אַ יישוב צווישן יידן. וואָס וועט איר, אַלטע פויגלען, דאָ טאָן?

בוליאַליס האָט גערעדט, פון נעפל איז געוווישלאַז אַרויסגעשווומען אַ בושל. אין זיין לאַנגן שנאָבל האָט ער געטראָגן אַ שלאַנג, אַ געפאַנגענעם ערגעץ אין זומפּן.

די מאַגזינטאָווער יידן האָבן אָפּגעדאַווענט יעדערער ביחידות און פאַרצערט זייער מאָרגן־מאָל. זיי האָבן געטונקט ברויט אין זאַלץ, אַרויסגעבליקט דורך די פענצטער און געפרעגט דעם נעפל אויב ער האָט בדעה אַוועקצוגיין פון דער געגנט.

אַז זיי האָבן אָפּגעגעסן, האָבן זיי די רעשטלעך פון זייער ברויט אויפגעקליבן אין די דלאָניעס אַריין, אַרויס אין דרויסן און געקוקט מיט אומעטיקע אויגן.

...אַז די נעפלען זיינען צוגעקראָכן אַזש ביז די שוועלן, איז דאָך אַ סכנה די הינער זאָלן ניט פאַרבלאָנדזשען אין די געדיכטעניש פון פאַרטומאַנעטן פאַרטאָג.

די ווייבספאַרשוינען זיינען געשטאַנען אויף די גאַניקעס, ביי די טויערן פון די שייערן און שטאַלן און אריינגעשריען אין דער טויבער וועלט אַריין:

— פּוט, פּוט, פּוט...

ווי פון זייער מוטערס איי האָבן זיך די עופות אַרויסגעשיילט פון

ווייסן טומאַן, זייערע פעדערן זײַנען נאָס געווען ווי פון אַ שלאַקס־רעגן.

די יישובניקעס האָבן פאַרשלאָסן זייערע היימען און זיך מיט קינד און קייט אַוועקגעלאָזט אויף די פעלדער אַרום מאַגזינטאָווע גראָבן קאַרטאָפל.

שלמה מאַגזינטאָווער איז געזעסן אין זײַן וואָגן אַנגעטאָן אין אַ קורצן שאָפּן־פּעלצל. דעם דאַשיק פון היטל האָט ער אַראָפּגערוקט טיף איבער די אויגן ווי ער וואָלט זיך געשעמט מיט אָפענע אויגן אָנצוקוקן דעם ניט־אויסגעטאָגטן טאָג.

— וואָס קריכסטו ווי אַ רעגן־וואָרעם, טרײַב גיכער דאָס פערד — האָט ער זיך געבייזערט אויף זײַן וועלפקען וואָס איז געזעסן אויף דער קעלניע און געלאָזט דעם פערד גיין פוסטריט.

וועלפקע האָט אַ פּאָכע געטאָן מיט דער בײַטש. דאָס פערד איז אַרײַנגעלאָפן אין נעפל און האָט אָנגעהויבן צו ניסן און צו הוסטן.

האַרט בײַ דעם שולכל האָט שלמה אַ געשריי געטאָן „האַלט" און איז אַראָפּגעקראָכן פון וואָגן.

ער איז אַרומגעגאַנגען דעם אַלטן בנין, באַטאַפּט די קלעצער וואָס זײַנען פייכט געווען פון שווערן טוי. פאַררײַסנדיק דעם קאָפּ, האָט ער זיך פאַרקוקט אויף די אויסגעהאַקטע קאַלירטע שויבן, הויך לעבן דעם שטרויענעם דאַך.

— איך הער אַ געברום אינעווייניק — האָט ער געזאָגט מיט אַ שטילן פאַרדראָס — טויבן האָבן זיך דאָרטן פאַרקליבן. זיי האָבן אויסגעפּיקט מיט די שנאָבלען די שייבלעך אונטערן דאַך און געמאַכט פון אונדזער שולכל אַ טויבנשלאַק.

— עס מוזן זײַן פאַרבלאָנדזשעטע טויבן — האָט וועלפקע צוגע־געבן — היימישע טויבן זוכן ניט קיין פרעמדע נעסטן.

נאָכדעם האָט שלמה געקניט און אַרײַנגעשריען אין די לעכער אונטער דעם פונדאַמענט פון שולכל.

— הו—האַ, הו—האַ! — האָט ער געטאָן אַ רײַנשרײַען אין דער אָפּענער ערד אַרײַן.

אַז די מײַז האָבן זיך פֿון די לעכער ניט אַנטפּלעקט, האָט ער זיך שטיל־שװײַגנדיק אַרײַנגעזעצט אין װאָגן.

— פּאָר! — האָט ער געזאָגט מיט אַ קול, װאָס איז פֿרעמד געװען זײַנע אײגענע אויערן.

און אָפּפֿאָרנדיק אַ שטיקל װעג האָט ער געזאָגט װי צו זיך אַלײן, אָדער צום נעפּל װאָס האָט געלויערט אַרום זײ:

— הײַנט, נאָכן אַראָפּגײן פֿון פֿעלד װעל איך בלי־נדר אַרויסנעמען די רײניקײט פֿון אָרון און אַװעקטראָגן אין טרײפֿ. אין מאַגזינטאָװער שולכל האָבן שוין די שליטה מיאוסקײטן און װילדע טויבן...

די יישובניקעס האָבן זיך מיט זײערע װעגן, פֿולע מיט זעק קאַרטאָפֿל, אָפּגעשטעלט בײַם מאַגזינטאָװער שולכל. דער אומעטיקער פֿאַרנאַכט, דאָס באַלדיקע געזעגענען זיך מיט דער רײניקײט איבער װעלכער די מאַגזינטאָװער האָבן אַ ברכה געמאַכט במשך פֿון צענדליקער יאָרן, האָבן שטום געמאַכט זײערע צינגער.

— קינדער — האָט שלמה געזאָגט — לאָמיר װאַשן די הענט אײדער מיר גײען אַרײַן אין אַ מקום־קדוש.

די מאַנספּערשױנען האָבן צוליב דוחק אין װאַסער געריבן זײערע הענט אָן פֿעלד־גראָזן װאָס זײַנען שוין פֿײַכט געװען פֿון טוי.

די ערשטע זײַנען אין שולכל אַרײַן שלמה און הירשע, די עלטסטע ייִדן אין מאַגזינטאָװע. נאָך זײ — די איבעריקע יישובניקעס.

אַז זײ זײַנען געבליבן שטײן אויפֿן שװעל, זײַנען פֿאַר זײערע אויגן פֿאַרבײַגעלאָפֿן אַ בינטל מײַז.

— טפֿו, שונאי־ישׂראל, — האָט שלמה אויסגעשפּיגן — זײ זײַנען דאָך טאַקע גרױס װי די קעלבער. די פֿעלדער אַרום זײַנען אונדז שונאים געװאָרן, זײ האָבן אויף אונדז אַנגעשיקט זײערע מיאוסקײטן און זײערע אויערן האָבן אויך פֿאַרנומען דעם געברום פֿון אַ טויב:

אָן „ער״ וואָס ברומט אין גרויס ליבשאַפט צו זיין „זי״.

— דאָס מוזן זיין דעווייקעס טויבן — זאָגט הירשע.

— דו בינסט שוין אויך אַן אויסגעגאַנגענער לוח — ענטפערט אים אָפּ שלמה — טויבן וואָס האָבן אַ נעסט און אַ באַלעבאָס זוכן ניט קיין נייע נעסטן, עס זיינען ווילדע טויבן.

שלמה גייט צו צום אָרון־קודש און נעמט אַרויס די ספר־תורה וואָס איז אָנגעקליידט אין אַ רויטן סאַמעטענעם מענטעלע.

און כדי דעם ליידיק־געוואָרענעם „היכל״ ניט צו פאַרשעמען, צינדט שלמה אויף אַ ווײַלע אָן אַ ליכט און שטעלט אים אַוועק אויפן אָרט ווו די ריינקייט איז געשטאַנען.

אַלע יישובניקעס גייען דאַן ארויס אין דרויסן. דאָס שולכל ווערט פאַרשלאָסן. שלמה האַלט אויף זיין אָרעם די ספר־תורה און די יידן שטייען אין אַ געזעמל און קושן זי... דאַן וויקלט שלמה איין די ריינקייט אין אַ ווייסן, ליינענעם טישטעך און זאָגט צו אַלע אַרומיקע: „אַ גוטן אָוונט אייך אַלעמען!״

דאָס בינטל יידן ענטפערט אים: „אַ גוט יאָר, גריסט אין אונדזער נאָמען די טרייפער יידן גאָר ליבלעך״.

דער אָוונט פאַלט צו. די יישובניקעס קוקן נאָך דעם יידן, וואָס שפאַנט מיט דער ספר־תורה אויפן אָרעם, ביז די פינצטערניש דעקט אים צו.

# קברים

געהייליקט דעם אנדענק פון יצחק טשאַרני ז״ל

שלמה קלמנס איז אויפגעשטאַנען פאַרטאָג, זיך געזעצט אויף דער באַנק פאַר זיין הילצערן הייזל און געוואַרט דער זייגער אין קלויסטער־טורעם זאָל אויסקלינגען די שעה.

מחמת דער קילער לופט איז ער געזעסן איינגעקאָרטשעט און די קליינע, דאַרע הענטלעך געהאַלטן פאַרשטעקט אין די אַרבל פון גראָען, פאַרשמאַלצענעם רעקל. די קליינע, אַלטע אייגלעך זיינע האָבן אָבער פון אונטער די געדיכטע ברעמען אַרויסגעלויערט אויף די סליאַדן פון פערדישע קאָפּיטעס און רעדער אין דער זאַמדיקער, ליידיקער גאַס.

זיך איינגעגעסן מיט די בליקן אין דער ערד, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף די ברייטע, גוט־באַקאַנטע פוסטריט פון אַן אַלטן פערד.

— זשאַלגאַס פערד, וואָס דען? — האָט ער אַ ברום געטאָן און זיך אַריינגעטראַכט אין ענין — געווען נעכטן אויפן מאַרק און צו מיר ניט פאַרפאָרן. דער טאַטע זיינער איז געווען מיינער אַ פּויער, דער יונגער זשאַלגאַ אָבער מיידט שוין מיך אויס...

דער זייגער אין קלויסטער־טורעם, אויפן שפּיץ פון שטעטלשן באַרג, האָט זיך פלוצלינג אַ וועק אויף געטאָן אין דער שטילקייט. כריפּנדיקע קלאַנגען זיינען געפאַלן אין פאַרטאָג אַריין.

— איינס, צוויי, דריי... — האָט שלמה קלמנס געציילט די קולות אין געדאַנק — זיבן, אַכט...

משוגע, צי שיכור?... האָט דער אַלטער ניט געגלייבט זיינע אייגענע אויערן — דער זייגער מוז זיין ניט מערער ווי דריי פאַרטאָג. די בהמות זיינען דאָך נאָך ניט אַרויס אין פעלד.

און זיך אויפהייבנדיק פון אָרט, פאַררייסט ער דעם קאָפּ אין דער הייך און טוט אַ שמייכל.

— דו האָסט מיאוס פאַרבלאָנדזשעט — זאָגט ער צום זייגער, ווען ער האָט געהערט קלינגען פון זיין סאַמע קינדהייט אָן — אַלטער קאַליקע דו!

ס'איז געווען אַ כמאַריקער באַגין. שווערע וואָלקנס האָבן געצויגן און אָנגעריִרט אין דער ווייט די קעפּ פון די וועלדער. אָנקומענדיק ביים גרענעץ פון שטעטל, האָבן זיך די וואָלקנס אָנגעהויבן פּאַמע־לעכער צו רוקן און עפּעס געגנישטשערט און געזוכט אין דער לופט. שפּעטער זיינען זיי געבליבן פאַרגליווערט הענגען איבער די שטרויענע דעכלעך ווי זיי וואָלטן געהאַט אין גאַנג איינגעשלאָפן...

— מיר האָבן אַ רעגנדיקן תשעה־באב... — האָט שלמה געלייענט אין די וואָלקנס, זיך אויפגעהויבן פונעם אָרט און באַקוקט דעם הימל אַרום.

קוקנדיק אַרום זיך, פאַלט זיין בליק אויפן אוהל פון אַלטן רב, ווי אויך אויף די רויטע מייערלעך איבער די אַנדערע קברים פון אַלטן בית־עולם, וואָס ליגט אין סאַמע מיטן שטעטל.

ער טראַכט וועגן דעם, צי האָבן צו מאָל די שטאַרקע ווינטן, וואָס זיינען לעצטנס דורכגעלאָפן דורך דער געגנט, אין גאַנצן ניט אומגעוואָרפן דעם אַלטן, מיט מאָך־באַוואַקסענעם צוים פון רייִנעם־אָרט.

— אַ בזיון, אַ בזיון פאַר די מתים — רוקט ער נאָך טיפער די הענט אין די אַרבל אַריין — אַ שטעטל זאָל לאָזן איר אַלטן בית־עולם פאַרווילדעוועט ווערן...

געהיט שפּאַנט ער דאַן צווישן די בייטן פון זיינע צייטיקע אוגערקעס, וואָס ליגן צוגעטוליעט צו דער ערד אונטערן שאָטן פון די ברייטע בלעטער. ער גענענט צום הילצערנעם, האַלב־איינגעפאַלענעם פּארקאַן פון רייִנעם אָרט, וואָס גרענעצט זיך מיט זיין ירושה־ערד. דער רייִנער־אָרט איז פאַרזונקען אין זיין אייביקן טראַכטן. די

הויכע גראָזן און קראָפּעווע־קוסטלעך ווי אויך די צעלעכערטע שינדל־דעכלעך איבער די מייערלעך, זיינען פייכט פון טוי. דאָ און דאָרט קוקן ארויס פון די קרייטעכער די רוקנס פון אַלטע מצבה־שטיינער.

— מיר דאַכט זיך, אַז דאָרטן ליגט עליע ליזוווקער — באַטאַפּט שלמה מיטן בליק אַ שטיין וואָס ליגט פאַרקייקלט אַראָפּ דעם בית־עולם־באַרג — אַן איינגעפּונדעוועטער ייד געווען עליע, אין זיין קרעטשמע וואָס איז גרויס געווען ווי דער פּריץ כאָמאַנסקיס פּאַלאַץ, פלעגן נאָכאַנאַד אַריין און ארויספאָרן פּאָסט־פורן.

כאָטש שלמה האָט אַ לעבן אָפּגעלעבט אין שכנות מיטן אַלטן „פעלד", האָט ער דאָך די קברים שוין גוט געהאָט פאַרגעסן. אויף דעם ריינעם אָרט האָט ער תמיד געקוקט פונדערווייטן. בלויז תשעה־באב און האַרט פאַר ימים־נוראים פלעגט ער זיך פאַרקלייבן אָפּצוזוכן די קברים פון זיינע אַמאָליקע חברים און גאָנטע.

— ס'איז ניט רעכט, די מתים האָבן פאַראיבל ווען מען לאָזט זיי ניט רוען — פלעגט ער זיך קעגנשטעלן זיין באַגער זיך אַרויסצו־כאַפּן אַ מאָל אין אַ פאַרטאָג אויף דעם בית־עולם — מיינע אַמאָליקע חברים פון חדר בין איך דאָך געוויס מחויב צו לאָזן רוען...

איצט, אָבער, אום תשעה באָב, קריכט ער דורך אַן עפענונג פון צוים אין בית־עולם אַריין. ער שפּאַנט צווישן די איבערגעוואָקסענע, הויכע געוויקסן. די שטיוול זיינע ווערן פייכט, הייבן אָן צו גלאַנצן פון טוי, ווי אויסגעשמירטע פון טראָן.

ער גייט און וואַקלט זיך. אַרויפטרעטנדיק אויף אַ בערגלדיקן אָרט ציטערט ער אויף. אים דאַכט זיך אַז ער איז אַרויפגעטראָטן אויף דעם קבר פון זיינעם אַן אַמאָליקן חבר.

— ער וועט פאַראיבל האָבן — זאָגט ער צו זיך אליין. ווער עס וועט פאַראיבל האָבן, ווייס ער אָבער ניט.

און ער דערזעט אַ כאָפּטע יינגלעך שפּרינגען און לויפן איבער אַ לאָנקע אַרום אַן אָזערע. ער לויפט און אַ שטריקל, ווי אַצוימל, ליגט אים צווישן די ציין. הינטער אים לויפט אַ יינגל מיט אַ וויצע אין

האַנט און טרייבט אים אונטער. דאָס ייִנגל שרייט: שלמהקע, לויף, נאָ, קאַשקאַ, נאָ...

שלמה קוקט זיך אום אויף הינטן, אָבער ער ווייס וויל, אַז דאָס ייִנגל איז דער שפּעטערדיקער לייבע מאָזעלער, וועלכער ליגט שוין איבער פינף און צוואַנציק יאָר אויף דעם אַלטן „פעלד”.

אַ שטעכעניש אין די הענט דערמאָנט אים ווו ער געפינט זיך. די בייסיקע קראָפּעווע־ביימלעך צווישן וועלכע ער איז פאַרקראָכן, טשוכענען אים אויס פון זיינע דימיונות.

— אַן אויסדוכטעניש, ניט מער — גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט — מאלע וואָס עס קען אַרויפקומען אויפן זינען!

מיט די שווערע שטיוול זיינע שאַרט ער פונאַנדער דעם גראָז און פּרוווט אויסגעפינען באַקאַנטע נעמען אויף די שטיינער, אָבער ס'איז אים שוין שווער צו דערקענען די אותיות.

אַ געהיימער פּחד, וואָס ער וויל צו זיך ניט צולאָזן, באַפאַלט אים. אים פאַלט איין אַז די מתים זיינען אויף אים בייז. צוליב דעם וואָס ער האָט זיי צו לאַנג אַריבערגעלעבט, באַהאַלטן זיי דערפאַר פון אים אויס זייערע נעמען...

ער דערלאָזט אָבער ניט אַז אָט די פּיינלעכע מחשבה זאָל אויף אים האָבן שליטה. זוכנדיק אַ וועג צווישן מצבה־שטיינער, מייערלעך און בייסיקע גרעזער, האָט ער געטראַכט:

אַ קאַטאָוועס, ווי איך בין אַ ייד! זיי באַהאַלטן זיך אויס פון מיר, מיינע קברים. אפילו די מצבה־שטיינער האָבן פאַרלאָרן זייער יידישע צורה, פאַרווילדעוועט געוואָרן, כאָטש נעם און צעוואַרף זיי צוריק איבער די וויסטע פעלדער, פון וואַנען זיי שטאַמען...

און ווען נאָכן דאַוונען האָט טאַקע אָנגעהויבן צו רעגענען, האָט זיך שלמה אָנגעטאָן דעם שווערן „שאַמעדזאַל”־מאַנטל מיטן קאַפּי־שאָן איבערן קאָפּ, זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן מאַרק און אָפּגע־

וואַרט די יידן פון די נאָנטע און ווייטערע מקומות, וועלכע זיינען געקומען אין שטעטל אויף קבר־אבות.

די אָנגעפאָרענע יידן האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי די ראַנדן פון מאַרק. צו ערשט זיינען אַראָפּגעקראָכן פון די וועגענער די מאַנס־פאַרשוינען, אויסגעקעמט מיט די פינגער די בערד, וואָס זיינען דורכגעפלאָכטן געווען מיט שטרויעלעך, אָנגעבונדן די עמערס וואָס זיינען געהאַנגען צווישן די הינטערשטע רעדער און אָוועקגעגאַנגען ברענגען וואַסער אָנצוטרינקען די פערד. די ווייבער זיינען געשטאַנען אין געזעמלעך, פאַרריכט די שוואַרצע, צעלעכערטע שאַלן אויף די קעפּ און געשמועסט צווישן זיך וועגן זייערע טויטע קרובים.

שלמה איז אַרומגעגאַנגען צווישן די ווייבספאַרשוינען און זיי כסדר געטאָן פרעגן:

— וועמען האָסטו דאָ, טאָכטערל?

— אַ טאַטן אויפן נייעם בית־עולם.

— און אויפן אַלטן ריינעם אָרט האָסטו קיינעם ניט?

— אַ זיידן, מאָטל האָט ער געהייסן.

— מאָטל, מאָטל טיטייקער — כאַפּט זיך אָן שלמה אָן נאָמען — דערציילסט מיר ווער ער איז געווען? איך האָב אים ווויל געקענט. אַ שפּאַס וואָס פאַראַ ייד דאָס איז געווען, קיין קאַטאָוועס! ער איז געווען פון די גרויסע גייער. אין משך פון צוויי טעג פלעגט ער פון דאַנען אָנשפּאַרן אין ווילנע.

— און ווער זייט איר, זיידינקע?

— דו קענסט מיך ניט, טאָכטערל. דיין זיידע האָט מיך גוט געקאָנט!

די יידן קומען אָן מיט וואַסער אין די עמערס. די פערד באַשמעקן דאָס וואַסער, נאָך דעם טרינקען זיי.

מיט אַ מאָל צעקלינגט זיך דער זייגער מיט כריפּנדיקע קולות: — איינס... צוויי... דריי... פיר...

— אָ־הָ־אָ — האָבן זיך די יידן געוווּנדערט — שוין גאָר די

פערטע שעה, אַ ראַרעטעס פון אַ זייגער.

— מען דאַרף אים ניט האָרכן — האָט שלמה אַ הויב געטאָן אַ שווערן אַרבל פון זיין „שאמעדזאל"־מאַנטל, פון וועלכן ס'האָבן זיך אַרויסגעזען בלויז די פינגער־שפּיצן — זאָל ער דאָרט באַלעמור־טשענען אין דער הייך. ס'איז האַרץ־עסעניש, ניט קיין זייגער...

— אַ גוטע כלי געווען אַמאָל — האָט זיך אָפּגערופן אַן אַלטער יישובניק און אַלע האָבן פאַרריסן די קעפּ אין דער הייך — איצט זעט מען און מען הערט אַז דער קלויסטער־זייגער איז שוין חרוב געוואָרן.

— אַ שפּאַס וואָס דאָס איז געווען פאַר אַ זייגער, דער גרויסער פריץ טאַינסקע האָט זיך געווונטשן צו האָבן אַזאַ כלי אין זיין פּאַלאַץ־טורעם. זיין אָנזאָגן די שעה האט מען געהערט אַזש אין פוסבאָצקע. איצט אָבער כריפּעט שוין די כלי, מיר דאַכט זיך שוין אַז ער קלינגט ניט אויס הילכיק די צייט, נאָר ער קרעכצט זי אויס...

שלמה האָט גערעדט. די יידן האָבן זיך אויפגעזעצט אויף די וועגענער און זיך געגרייט אין וועג אַריין.

— איר פאָרט אפשר מיט אונדז מיט אויפן נייעם בית־עולם אויף שאָוולאַנצער וועג, זיידע ?

— ניין, קינדער, איך האָב ניט אויפן נייעם ריינעם אָרט וואָס צו טאָן. מיינע אַלע אַמאָליקע חברים ליגן אויפן אַלטן פעלד...

די פורן מיט די יידן דערווייטערן זיך. שלמה קלמנס שטייט אַן איינזאַמער אויפן פוסטן מאַרקפּלאַץ און האָרכט זיך איין אין שטילן רוישן פון דראָבנעם זומער־רעגן.

# דעם גלחס קרעניצע

צ. גנעווירמעט

„יאָהאַן“ פאַרנאַכט, נאָכן גרויסן מאַרק, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אויפן שפּיץ פון שטעטלשן קלויסטער וועט צום ערשטן מאָל זיך אָנצינדן אַן עלעקטרישער לאָמפּ. פויערים און זייערע ווייבער, וואָס האָבן געשיכורט און געטראַ־לאַ־לאַ־יעט ביז אַ שטיק אין בלויען, וואַרעמען אָוונט אריין, האָבן נאָך צוגעגעבן, אַז דאָס עלעקטרישע פייער וועט זיך זען גאַנץ ווייט, אַזש אין דאָרף שאַוועלאַנץ.

די נייס וועגן עלעקטריע איז אויך דערגאַנגען צו חנהקען, דעם פעטער גבריאלס שלאַנק, שיין מיידל. זי איז אָבער מיד געווען פון גרויסן האַרמידער וואָס די דאָרפסלייט האָבן אָנגעמאכט. האָט זי זיך דערפאַר צוגעלייגט אָפּרוען אין איר קאַמער. זי האָט זיך אין דער אמתן אין קראָם ווייניק געמישט. טאַטע־מאַמע און די ברידער האָבן אַ גאַנצן טאָג אַרויסגענומען צענדליקער הערינג פון די טונען, מיט שופלען געשעפּט זאַלץ און מעלצוקער פון זעק וואָס זיינען פון מינוט צו מינוט נידעריקער געוואָרן. אויפן הויף האָבן זיי אויך געשפּאָלטן מיט שאַרפע, קאַנטיקע האַמערס שטאַבעס אייזן, זיי געוואויגן און נאָכ־דעם זיי געוואָרפן ביי די קונים אין די קליינע פורלעך אַריין. חנהקע איז אָבער בלויז געשטאַנען הינטערן טאַמבאַנק און זיך צוגעקוקט. פון מאָל צו מאָל האָט זיך דער פעטער גבריאל צו איר געווענדעט:

— חנהקע — האָט ער געזאָגט אייליק, אָנפּילנדיק בשעת מעשה אַ טאָרבע מיט זאַלץ — גיב זאַמייטעכן מיט די קינדער צוקערקעס אַ מאַרגאַריטש.

און חנה האָט געטיילט לאַנגע זיסוואַרגן, איינגעוויקלט אין גאָלדענע

און זילבערנע פּאַפּירן. די קליינע, בלאָנדע שקצימלעך און שיקסעלעך האָבן צו איר אַרויפגעקוקט מיט יראת־הכבוד און קינאה. שעמענדיק זיך זיינען זיי צו איר צוגעגאַנגען און באַקומען די מתנות.

— אַטשיו (אַ דאַנק), — האָבן זיי שטיל געזאָגט — אַ דאַנק, פריילין!

עס זיינען אויך געווען דאָרפישע קינדער וואָס האָבן געוואָלט אַ קוש טאָן די לאַנגע, איידעלע פינגער אירע. חנהקע האָט אָבער צו דעם ניט דערלאָזן. זי האָט געגלעט די ווייכע פלאַקס־קאָלירטע האָר אויף די קעפּלעך און גערעדט מיט אַ שטילן פאָרוואורף:

— מען דאַרף ניט, וואַיקיאַליאַי (קינדערלעך), מען דאַרף ניט קושן אין האַנט.

זיינען דאַן די קליינע נפשות צונטער־רויט געוואָרן פאַר בושה, צוגעלאָפן צו דער מאַמען און באַהאַלטן דעם צעהיצטן פּנים אין די טיפע פאַלדן פון איר קלייד.

חנהקע האָט זיך נאָך אויסער דעם געגנוג אָנגעמידעט פון צוקעמענ־דיק פיין די האָר פון די ווייבער און טעכטער פון זייערע קונדן. אַז א באַקאַנטע גויע קומט זונטיק אָדער חגא אין קראָם אַריין און זאָגט איר, אַז זי וויל איר עפּעס פאַרטרויען אויפן אויער, גיט חנהקע אַ שמייכל און לאָדט איין די פויערטע צו זיך אין זאַלכל אַריין. אַרויסגייענדיק איז די פויערטע זייער צופרידן מיט אירע קונציק איינגעלייגטע האָר און זי פאַרבעט חנהקען צו זיך אין דאָרף אַריין:

— קום, שיינהייט, צו מיר. דו וועסט זיך ביי מיר גוט אויסרוען. דו וועסט ביי מיר טרינקען היימישן ביר און שלאָפן וועסטו אין סטאַנציע (פויערישער זאַל) אויף אַ פריש־שמעקעוודיקן סעניק היי.

עס טרעפט אַז חנהקע עצהט אַ שיקסע, זי זאָל אָפּשערן די לאַנגע בלאָנדע צעפּ אירע, ווייל אַ מאָדערנע פריזור וועט בעסער קליידן צו איר פּנים. די שיקסע פאָלגט איר, און אין איינעם אַ טאָג קומט זי צוגיין מיט אַ פאַרביק־געפלאָכטן שטרוי־קערבעלע אין דער האַנט,

נעמט פון איר אַרויס אַ פּאָר אָפּגעשניטענע ליכטיקע צעפּ און טראָגט עס אונטער חנהקען, ווי אַ קרבן...

— נאָ, — זאָגט צו איר די שיקסע — זיבעצן יאָר האָב איך עס געהאָדעוועט...

פאַר איר האַרציקן באַנעמען זיך מיט די פריערטעס באַקומט חנהקע פון זיי געשאָנקען טעפּעלעך מיט האָניק, היימיש־געוועבטע טיש־טעכער און גראָבע, האַרטע האַנטעכער וואָס אַפילו אין די גרויסע היצן שלאָגט פון זיי אַ קילקייט. זי האָט שוין אַ באַרג אַ גאַנצן אַזוינע זאַכן.

די אָפּגעמאַטערטקייט נעמט ביי איר אָפּ דעם חשק אַראָפּצוגיין פון דער פּליושענער סאָפקע אויף וועלכער זי ליגט אויסגעצויגן און אָנציִנדן דעם טישלאָמפּ מיט דעם גלעזערנעם גרינעם אַבאַזשור. דורך דעם אָפּענעם פענצטער פּלייצט אַ טונקעלע שטילקייט. אַ ווינטל שלייכט אַריין און גלעט אירע באַרוועסע פיס, איר פּנים און דינע, צעשויבערטע האָר. דאָס קרעכצען פון די זשאַבעס, וואָס פּילט אָן דאָס זאַלכל און די גאַנצע שטוב פון אירע סאַמע פרישסטע יוגנטיאָרן אָן, דערגרייכט ווידער איר געהער. און דאָס פאַרטייעטע געמורמל פון גלחס קרעניצע — דער אייביק אומעטיקער ניגון פון דער זומפּיקער געגנט — קומט פון הינטערן קלויסטער און ברענגט אַ נאָמענלאָזע בענקשאַפט צו ווייטע, אינטערעסאַנטע מענער אין ווייטע, שיינע שטעט...

אין כאָר פון די פרעש קלינגט איין קול העכער ווי אַלע איבעריקע קולות. דאָס קרעכצעט געוויס, טראַכט חנהקע, אַן אַלטע, פעטע זשאַבע מיט אַ ברייטן, עקלדיקן פּיסק. שוין יאָרן און יאָרן ווי זי באַגערט צו דערגיין צו דער נעסט פונוואַנען דאָס קוואַקן קומט. ווי נאָר זי געגענט צו די זומפּן, דאַכט זיך איר תמיד, אַז ניט די פרעש נאָר די זומפּן אַליין קרעכצען...

די אויגן אירע זיינען פאַרמאַכט, אָבער שלאָפן קען זי ניט. זי וואַלגערט זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער. אַ ווייטיקלעך

טראַכטעניש לאָזט זי ניט צו רו. זי זעט ניט אַרום זיך קיין מענער וועלכע זאָלן פּאַסיק זיין צו זיין אירע געליבטע און באַשערטע. איז ווער וועט עס פּאַרט זיין איר חתן און שפּעטער איר מאַן, ווי אַזוי וועט ער אויסזען? וועט ער אפשר אויסזען בלאָנד און הויך מיט אַ קראַפט־אָנגעגאָסענעם קאָרק ווי דער פּאַטשטער, וואָס טראָגט בייטאָג פונאַנדער די בריוו, אַדער ער וועט זיין געראָטן אין שוחט וואָס איז קליין און דאַר און פאַרמאָגט אַ ווילדע, שוואַרצע באָרד? און פונוואַנען וועט ער קומען? זי וואָלט זייער וועלן ער זאָל קומען אויף אַ ברישקע מיט קורקלער וואַלדוועג און פאָרן זאָל ער לענג־אויס דעם טייך, אַזוי אַז זיין שאָטן זאָל זיך קענען נאָכאַנאַנד שפּיגלען אין שטראָם... חנהקע פילט ווי איר האַרץ לויפט, לויפט, אַז אָט־אָט וועט דאָס האַרץ פון איר אַרויסלויפן, זיך קייקלען ווי אַ ראָד באַרג־אַראָפּ און אַריינפאַלן אין דעם טייך שווענטע אַריין...

אַ פאַרכאַפּטע פון באַגער זיך אָפּצוקילן, שפּרינגט זי אַראָפּ אַ באָרוועסע פון סאָפע, עפנט אויף דעם קאָמאָד, וווּ עס ליגן אָנגעזאַמלט די מתנות פון די פויערטעס, שפּילט שנעל אויף די בלוזע און דריקט אַ קילן, גראָבן האַנטעך צו איר צעהיצטן לייב...

*

חנהקע דרייט זיך אַרום אויפן מאַרק צווישן געזעמעלעך מענטשן, וועלכע האַלטן פאַרריסן די קעפּ צום טורעם פון קלויסטער און וואַרטן דאָס עלעקטרישע פייער זאָל זיך דאָס ערשטע מאָל באַווייזן אין דער הויכעניש...

יינגלעך ווילן צו חנהקען צוגיין. אָבער זי דרייט זיך פון זיי אַרויס. זי וויל בלייבן אַליין. זי שעמט זיך צו זיין צווישן מענטשן אויס מורא טאָמער וועלן זיי אויף איר פנים אַראָפּלייענען אירע היינטיקע געדאַנקען.

אַז דאָס עלעקטרישע פייער האָט זיך באַוויזן אויפן צלם־שפּיץ פון קלויסטער־טורעם, איז זי צוזאַמען מיט אַלעמען פאַרגאַפט געבליבן.

איר האָט זיך געדאכט אַז אַ שטערן איז אַראָפּגעפאַלן און געבליבן הענגען אויפן קלויסטער־שפּיץ...

שפּעטער אַ ווײַלע האָט זי דערזען ווי די לבנה גייט אויף איבער קורקלער וועלדער. עס האָט זי אַ צי געטאָן צום הויכן באַרג פונ־וואנען עס שטראָמען ארויס דעם גלחס קרעניצעס.

פון שפּיץ באַרג האָט זי לאַנג באַקוקט די ערד אַרום. די שיינע, פולע לבנה איז געהאַנגען איבער דער געגנט ווי אַ קרוין.

חנהקע איז געשטאַנען מיט אויפגעריסענע אויגן, דערקאָנט יעדן שטיבל, יעדן קוסט אויף ווײַאַרסטן ווײַט. אין דער דאָזיקער געגנט, האָט זי געוווּסט, שלאָפט ערגעץ אונטער אַ דאַך איר באַשערטער.

און זי האָט אין גרויס ליבשאַפט אויסגעשפּרייט אירע אָרעמס אַרומצוכאַפּן די געגנט. אַליין נישט פילנדיק, האָט זי אָבער אַרומ־געכאַפּט זיך אַליין...

צוריקוועגס אַהיים האָבן טויזנטער גרילן געזשומעט אין אירע אויערן. זשאַבעס האָבן געשפּרונגען אַרום איר. די זומפּיקע ערד האָט געשמעקט ווי צעפּרייעט, תאווהדיק לייב...

# נעסטן און היימען

— יאָג ניט אַזוי דיין פערד, עס וועט באַלד פון די פיס פאַלן.

— העי דו, פאַרקערעווע אַן אַ זייט, וועסט באַלד אונדזער שליטן אריינטרייבן אין גראָבן אַריין, ווו מיר וועלן דערטרונקען ווערן אין שניי!

חברה יונגוואַרג איז געפאָרן „קאַטאָץ". אויסגעקליבן האָט מען קליינע שליטנס, וואָס פויערים נוצן ווען זיי פאָרן אַן משא. מלא שמחה זיינען די אויסגערוטע פערד אונטערגעשפרונגען, זיך געריסן פון די האַלאַבליעס אַרויס. דער פאַרמעסט אין אריבעריאָגעניש האָט אָצינד געהאלטן אין סאַמע ברען.

זאַמקע האָט זיך געקאָכט מער פון אלעמען. זיך אויסגעוויקלט פון שווערן פעלץ אין וועלכן ער און כאַסעלע זיינען געזעסן איינגע־טוליעט, איז ער שטיין געבליבן אין שליטן אין גאַנצן וווקס זיינעם און מיט זיין לאַנגער פריצישער בייטש אָנגעהויבן צו פּאַסעווען די לייבער פון די איבעריקע פערד, וואָס זיינען געלאָפן אויסער הויט אַרום אים. ער האָט זיי געוואָלט אָפּטרייבן אַן א זייט און זיך פריי מאַכן דעם וועג.

די בחורים, וועלכע האָבן געהאָט זייערע מיידלעך לעבן זיך אין די אַנדערע שליטנס, זיינען זאַמקען ניט שולדיק געבליבן. געקאָ־טעוועט זיין פערד האָבן זיי ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט. אַ בייטש האָט פאַרשייט אַ פייף געטאָן און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שלעכטן אָרט, אויף די סאַמע פאָדערשטע פיס פון זאַמקעס בהמה. דאָס פערד האָט זיך געשטעלט דיבאָם, האַלטנדיק אַ רגע די קאָפּיטעס ווילד פארהויבן קעגן נאַכטיקן הימל. כאַסעלע האָט זיך דערשראָקן און אַזש אַ קוויטש געגעבן.

זאַמקע מיט זיין כלה זיינען דערווייל געבליבן פון הינטן. האָט מען אין דעם געזען אַ שטיקל נקמה. פולע, זאַפטיקע געלעכטערס האָבן זיך געקייקלט אויפן צוגעפּראָרענעם וועג, ארונטערגעפאַלן אונטער די שליטנס און צעשניטן געוואָרן דורך די אויסגעשלייפטע שינעס.

דער באַגער אַריבערצויאָגן איינע די אַנדערע האָט זיך ביסלעכווייז איינגעלאָשן. מען איז געפאָרן דורך אַ שטילער געגנט. וויענאָסע־דיסן * מיט אויפגעטורעמטע קופּעס שניי אויף די נידעריקע דעכער און הויכע דרענגער פון בליץ־אָפּציערס ביי זייערע זייטן, זיינען אָפּגעשווומען הינטערווײלעכץ און פארשווונדן פון די בליקן.

אַז די נאַכט האָט ארויסגערוקט אַנטקעגן די פּאָרערס אַ באַפּעכט פויערישן בעדל, האָט כאַסעלע זיך אָפּגערופן צו אַלעמען אַרום:

— בחורים און מיידלעך, אָט איז שוין זשווירבליסעס בעדל. פאַר־בייפאָרנדיק באַלד זיין כאַטע, וועלן מיר מוזן גריילעך שטיל בלייבן, ווייל זשווירבליס און זשווירבליענע שלאָפן שוין געוויס. זיי לייגן זיך מיט די הינער צו גלייך.

און איר שטים האָט געקלונגען ווי אַ באַפעל.

— אַז דיין טאַטע האַנדלט מיט זשווירבליסן, דאַרפן מיר דערפאַר שטום ווערן ווי די קראַליקעס, ווען מיר פאָרן פאַרביי זיין שטוב? — האָט מען פון אַ שליטן געשיקט אַ שטעכווערטל דער שיינער כאַסעלען.

— חברה, אָן אַ געלעכטער — האָט זיך זאַמקע אַריינגעמישט — זשווירבליס האָט הינט גרויסע ווי די קעלבער. איין הונט נעכטיקט אין שעפּסן־שטאַל, אַ צווייטער — מיט די פערד, אַ דריטער — מיט די קי און חזירים. און אַז איינער פון די הינט הייבט זיך אָן איבער־צוועקן אויף זיין געלעגער, פארשפּיצן גלייך די איבעריקע כלבים

* וויענאָסעדיס — אַן פאַראיינזאַמטע איינציקע שטוב ביי אַ וועג אָדער צווישן פעלדער.

די אויערן און גיבן אַזוינע קולות, אַז זיי צערייסן די שטאָלן מיט זייערע געבילערייען.

די קעלט איז געוואַקסן. די וואָלקנדלעך פּאַרע אַרום די פּערדישע מיילער זיינען געדיכטער געוואָרן. פון הינטער יעדן וועלדל און פויעריש שטיבל האָבן געלויערט שטיקער הימל באַזייטע מיט אַן אַ שיעור אויסגעגלאָצטע, ליכטיקע שטערן, וואָס האָבן מיט דינע שטראַלן, ווי מיט טאָפּ־הערנער, זיך געראַיעט אין די שנייען און געפאַנגען צאַפּלדיקע דימענטלעך.

— אַי, דער פראָסט שאַרפט די ציין! — האָט זאַמקע אויסגערופן הויך אויפן קול און זיך נאָך מערער צוגעטוליעט צו כאַסעלען. זיי האָבן זיך ביידע באַהאַלטן אין בוזעם פון ברייטן, שווערן פעלץ. דער הויכער, האַריקער קאָלנער האָט זיך געלייגט איבער זייערע קעפּ ווי אַ דעכעלע.

דאָס וואָס עס טוט זיך אין די שליטלעך אַרום, האָבן זיי ניט געזען. זיי האָבן אָבער געהערט פאַרשטיקטע געלעכטערלעך און סודותדיקע שעפּטשערייען. באַרוישטע שטימען פון פרויען וואָס בעטן זיך „געוואַלד, געוואַלד” — האָבן געצונדן די שטילקייט פון דער נאַכט.

כאַסעלע און זאַמקע האָבן ווייל געוווּסט ווער עס לובויעט זיך מיט וועמען. קינאה־געפילן האָבן אָבער צו זייערע הערצער ניט געגענט. זאַמקע האָט שוין ניט איין מאָל געהערט פון יונגע און אַפילו אַלטע פויערים, אַז זיין כאַסעלע איז די שענסטע פון אַלע פּאַניאַלעס (פריילינס) אין דעם קאַנט, כאַסעלע — אַז זאַמקע איז דער לעבעדיקסטער און גרעאָטנסטער צווישן זיינע חברים. האָט זיך דערפאַר זאַמקע ביי איר געבעטן, זי זאָל אַוועקלייגן איר קאָפּ אויף זיין ברוסט. זי האָט באַוויליקט. האָט ער פאַרשאַרצט דעם וואַרעמען קאַפּטור איבער אירע שטיפערישע, געלאָקטע האָר און אין זיי באַהאַלטן אַ קוש. נאָכדעם האָט ער דעם ראַנד פון קאַפּטור צוריק אַראָפּגעבויגן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט די קעלט זאָל זיין הייסן קוש ניט אויסלעשן.

פאַרכליניעט פון לאַסקעס און איילִיקע פריידן, איז יונגוואַרג פאַרבייגעפאָרן זשווירבליסעס הייזער.

די פערד דערפילנדיק אַז די מענטשן זיינען פאַרטאָן אין די שליטנס הינטער זיי, האָבן גענומען שפּאַנען פּוסטריט. די בחורים האָבן פרייגעלאָזן די לייצעס, און די בהמות ווי צונויפגערעדטע אויף שטום־לשון, האָבן זיך געצויגן אין אַ לאַנגער שערענגע איינע הינטער דער אַנדערער.

דערנענטערנדיק זיך צו פּאַלאַנצער וועלדער, האָבן די מיידלעך אָנגעהויבן צו בעטן מען זאָל פאַרקערעווען צוריק. זיי האָבן געהערט, האָבן זיי געזאָגט, אַז פויערים האָבן ארום פאלאנץ געזען וועלפישע טריט אין שניי.

דערהערנדיק דאָס וואָרט וועלף, האָט כאַסעלע נאָך מער זיך איינגעטוליעט אין פעלץ, פאַרמאַכט די אויגן און שטיל ארויסגע־פליסטערט:

— זאַמקע, איך האָב מורא.

אַ נייע, זודיקע פאַליע פון ליבשאַפט האָט זיך דורכגעקייקלט דורך זאַמקעס געבליטן. געדאַכט האָט זיך אים אַז לעבן אים זיצט ניט די צוויי־און־צוואַנציק יאָריקע כאַסעלע, נאָר זיין אייגן קליין מיידעלע, וועמען ער דאַרף איינגעמען מיט ווייכע רייד.

— קינד — האָט ער זי געדריקט נאָך האַפטיקער צו זיך — די היגע וועלף האָבן מורא פאַר מענטשן, בפרט פאַרן ריח פון פייער.

און בכדי זי אין גאַנצן צו באַרויקן האָט ער זיך צו אַלעמען אָפּגע־רופן:

— חברה, שוועבעלעך האָט איר, שטרוי האָבן מיר דאָך איבער גענוג, טאַ לאָמיר אָנצינדן אַ גרויסן פלאַם און ווייזן פּאַלאַנצער וועלף אַז מיר טראָגן פייער מיט זיך.

— ווער עס האָט מורא, זאָל אָפּלייענען „קריאת־שמע״.

— עס וועט זיין פריילעך, קינדער. מיר וועלן פונאַנדערלייגן אַזאַ שייטער אַז ציגיינער וועלן אונדז מקנא זיין...

— זעט אקארשט קיין פונקען זאָלן ניט פאַרבלאָנדזשען ווו מען דאַרף ניט.

מען איז דערפאָרן צו אַ שטיק וועג ווו מען האָט קיין הייזער ניט געזען. זאַמקע האָט זיך דער ערשטער אָפּגעשטעלט, אַרויסגעשעפּט פון זיין שליטן אַ גרויסע קופּע שטרוי און עס אַוועקגעלייגט ביים ראַנד פון פעלד. די איבעריקע בחורים האָבן אים נאָכגעטאָן.

— אַן עבירה אַזויפיל שטרוי זאָל אין ניוועץ גיין, מען וואָלט דאָך מיט דעם אַ גאַנצן דאַך געקאָנט צודעקן — האָבן זיך די מיידלעך געפּלייסט ארויסצוּווייזן שפּאָרזאַמקייט. זייערע רייד האָט מען אָבער איצט אין אַכט ניט גענומען.

פּלוצלינג איז אַ פלאַם אַרויסגעשפּרונגען און מיט אַ גאָלדיק־רויטן שיין אָפּגעגאָסן דעם גאַנצן קרענצל מענטשן. די פערד האָבן מיט שטוינונג אויסגעבויגן די קעפּ. אין זייערע אויגן האָבן געבושעוועט קליינע שרפות...

די בחורים זיינען אַזוי ווי ווילד געוואָרן. זיי האָבן געפלאַטערט פון שליטן צו שליטן און ניט אויפגעהערט צו טראָגן בינט שטרוי און היי צו די אויפגעפלאַלטע מיילער פון פייער.

דער פלאַם איז אונטער יעדן נייעם קנויל פאַרשטיקט געבליבן, דערנאָך זיך ווידער אַ ריס געטאָן צו דער הייך צו און געוואָלט אַרויסשפּרינגען פון זיך אַליין... אַזוי האָט ער זיך כסדר געוואָרפן אויף דער נאַכט.

די פייערצונגען האָבן אַ רעכטע ווילע זשעדנע באַלעקט דאָס פינצטערניש אַרום זיך. נאָכדעם האָבן זיי ראַפּטעם אַ פאַל געטאָן צו דער ערד און נישט געוואָרן. אַ גרויסער סאַזשעפלעק איז געבליבן ליגן אויפן שניי.

די בחורים און די מיידלעך האָבן זיך גערעדלט אַרום דעם אָרט, ווו די שיינע אויפגעטורעמטע פלאַמען זיינען געבאָרן און פאַרלאָרן געוואָרן.

אַז מען איז געפֿאָרן צוריק אַהיים, האָט זאַמקע אַ צופֿרידענער געזאָגט:

— נאָך גוט וואָס אונדזער שייטער האָט זיך באַצייטנס פֿאַרלאָשן. אז ניט, וואָלט מען געקענט מיינען אַז א קלאָאימאַס (אַ שייער) אָדער אַ שטוב ברענט. מען וואָלט אונדז אפשר אויך חושד געווען אַז מיר סמאַליענען ביינאַכט, אויפֿן פֿעלד אַ געגנבעטן חזיר... די הינט פֿון דער גאַנצער געגנט וואָלטן זיך דאַן פֿונאַנדערגעבולן און מיר וואָלטן זיך די אמתע חתונה דערוואַרט.

און זיך אַראָפּבייגנדיק צו כאַסעלען, האָט ער איר פֿאַרזיכערט:

— פּאַלאַנצער וועלף וועלן שוין פֿאַרזאָגן קינדס־קינדער צו וויכן פֿון דעם אָרט ווו אונדזער פֿייערל האָט געפֿלאַקערט...

*

דאָס קליינע יישובל, ווו זאַמקע און כאַסעלע זיינען געבאָרן און געוואַקסן, איז באַשטאַנען פֿון צוויי קעגנאיבערדיקע רייען שטיבער, פֿאַרקוקטע אויף די אַרומיקע שטרעקעס. ביי די שוועלן און גאַניקעס פֿון די הייזער האָט גערוט אַ וועג, אַ פֿאַרמאַטערטער פֿון קריכן דורך פֿאַרוויטע טאָלן און פֿאַרפּושנעטע וועלדער.

ס'איז נאָך געווען גוט פֿינצטער. די שטערן וואָס האָבן אַ גאַנצע נאַכט צוזאַמען מיטן פֿראָסט געגליט, האָבן איצט אומעטיקע, פֿאַר־נעפּלטע אַרויסגעלוקט פֿון זייערע ווייטע נעסטן. אין די וואַרעמע שטאַלן האָבן די עופֿות אין שלאָף געזען ווי אַזוי שעשקעס באַפֿאַלן זיי און רייסן זיי אַראָפּ די קעפּלעך. באַנומענע פֿון פּחד האָבן זיי זיך איבערגעוועקט, געפּאַטשט מיט די פֿליגלען און אָפּגעיאָגט די שלעכטע חלומות פֿון זיך. צו מאָל האָט די שטילקייט אויך אַרויס־געהאָרכט אַן אומרויק טרעטן פֿון בהמישע קאָפּיטעס אויף די ווייכע, קוואַטשיקע מיסטן אונטער זיך ווי אויך דאָס אויפֿקלינגען פֿון קייטן אויף פֿערדישע העלדזער. אין דער לופֿט איז געהאַנגען דער געהיי־מער גערודער פֿון ערב באַגין.

אַ האָוועניק פון נאַטור, האָט זיך זאַמקע כסדר א ריס געטאָן פון געלעגער. תמיד, אפילו אין שלאָף, האָט אים געטאָטשעט אַ פּאַרטיי־עטע מחשבה אַז ביי פויערים איז גוט צו זיין דער ערשטער קונה, דאַן ווען די לעצטע ביסנס פון די פּאַרטאָגיקע בלינעס (לאטקעס) ליגן זיי נאָך צווישן די ציין.

אַ פּאָר מאָל איז ער אַ באָרוועסער אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, געריבן שוועבעלעך, געקוקט אויפן באַמאָלענעם ציפערבלאַט פון געוויכטן־זייגער, געפּאָרשט דורך די קליינע פענצטערלעך די ביי־נאַכטיקע ווייטענישן צי עס האָבן נאָך ניט אויפגעטוקט קיין פלעמ־לעך אין די אַרומיקע יישובים. אַ מידער פון נעכטיקן „קאַטאַץ", האָט ער אָבער רעכט איינגעדרעמלט ווי נאָר ער האָט ווידער צוגערירט זיין קאָפּ צום וואַרעמען קישן.

טויבע קלעפּ אין די דרויסנדיקע טירן פון געוועלב האָבן אים באַלד אויפגעוועקט. ער איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און געוואָלט פרעגן ווער עס פּויקט. ער איז עס אָבער ניט ביכולת געווען. געדאַכט האָט זיך אים אַז דער שלאָף האָט זיך אָן אים אָנגעזעצט און אַרויס־גענומען אַלע ווערטער פון זיין מויל.

פון געלעגער ביים אויוון־ווענטל האָט זיך געטראָגן זיין מאַמעס קול:

— קאָס טשיע (ווער איז דאָ), ווער קלאַפּט ? — האָט זי געפרעגט אויף ליטוויש, וויסנדיק אַז נאָר אַ פויער איז א בעלן אַ שטיק פאַרטאָג זיך אַרויסצולאָזן אין וועג.

— איך, זשאַלגאַ יאָזאַס, פון פּאַלאקני, איך דאַרף א פּעקל טאַבאַק, מיר איז קאַלט, וויל איך פאַררייכערן, לאָז אריין, מאָושיענע !

דער פויער האָט איר, ראָכע לאַהן, גערופן לויטן נאָמען פון איר מאַן משה, וועלכער איז געשטאָרבן ווען זאַמקע איז נאָך אַ קליין ייִנגל געווען.

— לאָז אים אַריין, מאַמע — האָט זאַמקע געמורמלט פון געלעגער ארויס האַלטנדיק צוגעמאכט די אויגן — יאָזאַס איז גרייט אַ האלבע

וועלט אויסצושליאָנדערן אַבי אַ מויל מיט רויך צו קריגן...

זי האָט אַרויפגעצויגן וואַליקעס אויף די נאַקעטע פיס, אָנגעטאָן דעם פעלץ, אין וועלכן זאַמקע און כאַסעלע האָבן זיך נעכטן געהאַט איינגעטוליעט, אָנגעצונדן דעם נאַפטלאַמטערן און אַריינגעגאַנגען אין קראָם עפענען די טיר פאַר יאַזאַסן.

— וואָס עפעס אַזאַ פריאיקע נסיעה ? עס האָט זיך ביי דיר די זאַלץ, די הערינג, די נאפט אויסגעלאָזן, צי וואָס ? — האָט די יידענע געפרוווט אָנטאַפּן ביים פויער אַ פעטערע לייזונג.

— ניין — האָט דער פויער געענטפערט — מיין טאַטע איז היינטיקע נאַכט געשטאָרבן, בין איך געקומען בעטן מען זאָל קלינגען אין די קלויסטער־גלעקער און אויך באַשטעלן אַ טרונע.

ראָכע לאה האָט אויסגעדריקט באַדויערן און צוגעגליכן דעם טויט צו אַ בליץ, וואָס אויב ער טרעפט ניט דאָ, טרעפט ער דאָרטן... זי האָט אויך אָנגעוויזן אויף דעם אַז די לעצטע טעג קלינגט מען שוין דעם דריטן מאָל אין קלויסטער.

דער פויער האָט געשוויגן, געקויפט א בויגן גילזע־פּאַפּיר, טאַבאַק, פאַרוויקלט אַ באנקרוטקע און פאַררייכערט.

אַ רעכטע ווײַלע האָט געהערשט שטילשווייגן. דערנאָך אַז זאַמקע האָט זיך אויסגעניכטערט פון זיין באַגינענדיקן דרעמל, האָט ער אַריינגערופן דעם פויער צו זיך.

— וואָס האָט געטראָפן, יאַזאַס ? — האָט ער געפרעגט.

— מאַט־גי, דער טאַטע מיינער האָט זיך געעקט — האָט דער לאַנדווירט רויק געענטפערט.

— וואָס רעדסטו ? — האָט זיך זאַמקע געוווּנדערט — אייערנעכטן האָב איך דאָך אים געזען אַרויסגייענדיק פון אייער בעדל. ער האָט אויסגעזען ליכטיק, ציכטיק ווי אַן אָקערשט אויסגעלייגטע איי...

— ער האָט זיך שוין דעמאָלט אויסגעפוצט פאַר יענער וועלט — זאָגט דער זון וועגן טאַטן.

— ווי אַלט איז ער געווען ?

— ער האָט געטריבן דעם ניינטן צענדליק.

— נו, קען מען זאָגן אַז ער האָט אויסגעלעבט זיינע יאָרן. דערצו האָט ער געהאַט אַ נאָמען פון אַ גריילעך גוטן באַלעבאָס. אין זיין הייפל האָט אַפילו אַ שטיקל אייזן ניט געזשאַווערט אונטערן רעגן.

— ער איז אויך געווען אַ מאדים צו פאַרנאַרן פוקסן אין די פּאַסטקעס, וועלכע ער פלעגט אַליין צוריכטן. היינטיקן ווינטער האָט ער נאָך געכאַפּט אַ פיקסל מיט אַ טייערן פּעלצל אויף זיך.

— איכל צו דיר אַריינפאָרן אַ קוק טאָן.

— קום צו פאָרן.

— און וויפל גלעקער וועסטו הייסן ציען — מאַכט זיך זאַמקע פאַמיליער — פאַלג מיך און רייד אָפּ מען זאָל קלינגען אין אַלע גלעקער. דער קליינער גלאָק וועט וועגן דיין טאַטנס טויט צו וויסן געבן די שטעטלשע לייט, און די גרויסע גלעקער, וואָס דערקלינגען אַזש ביז סטאַווראַנץ, וועלן אָנזאָגן אַלע דערפער אין קאַנט. צו דער לוויה וועסטו טאַקע דערלייגן נאָך עטלעכע ווייסע, זילבערנע מטבע־לעך, אָבער כבוד וועט דער מת האָבן פולע הויפנס...

יאָזאַס איז געזעסן און אויסגעזויגט איין באַנקרוטקע נאָך דער אַנדערער. די גליענדיקע ברעגעס פון די טאַבאַק־קניילכלעך האָבן זיך כסדר נענטער געדוקט צו זיינע גראָבע, טרוקענע לעפצן און זיי באַלויכטן. די ברענענדיקע לאַמטערן אויפן טיש האָט זיך געטרונקען אין אַ וואָלקן רויך.

זיך זאַט אָנגערייכערט, האָט אים אַ ביטערניש אָנגעהויבן בייסן די צונג. האָט ער געוואָרפן ליחות, עס פאַרטראַטן מיטביידע שטיוול און זיך אויפגעהויבן פון אָרט.

— אָנגעוואַרעמט זיך אַ ביסל — זאָגט ער פאַרן אוועקגיין — ווייל, זאַמקע, איך וועל טאָן ווי דו האָסט מיר געהייסן. איך גיי אויפוועקן דעם גלאָקנציער.

זאַמקע איז מיט איילִיקע טריט אַרויס אין קיך זיך איינוואַשן. ביינאַכט איז דער פראָסט אין טון אַריינגעקראָכן און פאַראייזט דאָס

וואַסער. מיט דער האַק האָט ער אַן עקעטע געמאכט און ארויסגע־שוווענקט די וואַרעמע רעשטלעך שלאָף פון די אויגן־ווינקלען, פון די אויערן אַרויס.

ווי ער וועט דעם קומענדיקן טאָג אָנשפּאַרן, מיט וועמען ער וועט האַנדלען, האָט ער נאָך געפּנוי ניט געוווּסט. גוטע איינפאַלן און אויסרעכענונגען מכוח געשעפטן זיינען אים תּמיד אין קאָפּ געקומען, דאַן ווען ער האָט געהאַט פרייע שטרעקעס ארום זיך, ווען ער האָט דעם פערד זיינעם געהייסן זיך אָפּשטעלן אויף אַ שיידוועג ביי אַ צלם און אַליין האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן אין וועלכן פויערישן הויף צו פאַרפאָרן. געוווּסט האָט ער אָבער אַז היינט דאַרף ער אריינגיין און זיך א ביסל זאַמען אין שטוב ווי דער אַלטער זשאַלגא האָט געלעבט און ווי ער ליגט איצט אין זיינע בעסטע מלבושים און וואַרט אויף זיין קבורה. ער וועט דאַרטן אויך אַ שמועס טאָן מיט באַקאַנטע פויערים וועגן דאָס און יענץ.

צוליבן כבוד פון מת האָט ער ארויפגעצויגן אויף די פיס זיינע גלאַנציקע שטיוול מיט די הויכע כאַליעוועס ביז די קני. ער האָט אויך אָנגעטאָן דאָס קורצע, שיינע פעלצל זיינס. דאָס היטל האָט ער מעשה פראַנט פאַרבויגן אָן אַ זייט.

שפּאַנענדיק דאָס פערד, האָט ער זיך געכאַפּט אַז ער האָט פאַרגעסן די האָר צוצופּוצן. איז ער אַריין אין שטוב, איינגעשמירט מיט אַ היפּשער שטיק פּאָמאַדע די טשופּרינע זיינע און זי פיין צוגעקעמט. נאָכדעם האָט ער זיך איינגעקוקט אין שיפּועדיקן וואַנט־שפּיגל און איז זיכער געוווען אַז זיינע האָר וועלן אין שיין פון די ליכט ביים טויטן אין כאַטע אַזוי גלאַנצן, אַז די דאָרפישע מיידלעך וועלן פאַר אים די כפּרה ווערן און די בחורים וועלן אים מקנא זיין...

אַז ער איז פון געהעפט אַרויסגעפאָרן, האָט ער גענומען באַקוקן די וועלט אַרום זיך. מיט ליבשאַפט האָט זיין בליק געגלעט די ווייט־אויסגעשפּרייטע שנייען, וואָס דעקן וואַרעם צו מיט הימלפוך די יונגע, שלאָפע גרעזלעך פון די ווינטער־תּבואות. טיף אונטער די

שנייען האָט זיין אויג דערטאַפּט די גרענעץ־פּאַסן צווישן פעלד און פעלד. געוווסט האָט ער אויך צו וועמען יעדע שטיק ערד געהערט.

איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט זיך גוט אַריינצוזעצן אין היי פון שליטן, האָבן די קלויסטער־גלעקער אָנגעהויבן צו קלינגען.

אים איז אומעטיק געוואָרן. אַ נאָגנדיקער באַגער צו האָבן איצט כאַסעלן לעבן זיך, האָט זיך פאַרגנבעט אונטערן פעלצל און פאַר־קראָכן טיף אין זיין האַרץ אַריין... ניט וועלנדיק האָט ער אַ שטילן קרעכץ געטאָן און אָנגעשעפּט לופט מיט ביידע נאָזלעכער.

ווען ער דערזעט איצט אין כאַסעלעס פענצטער כאָטש אַ נונץ פייער — האָט ער געטראַכט — וואָלט ער מיט זיין בייטש־שטעקל אין שויב אָנגעקלאַפּט און זי געבעטן, זי זאָל זיך וואַרעם אָנטאָן און אַרויסגיין אויפן שוועל. זי וואָלט געשטאַנען און מיט איר בליק אים אַרויסבאַגלייט ביז די טונקעלע ווייטענישן וואָלטן פאַרשלונגען זיין שליטן.

אין זיין דמיון זעט ער כאַסעלען אין אַט דער ליבלעכער געשטאַלט. זי שטייט איינגעוויקלט אין גוטמאַן־פּייוועס, איר טאַטנס, לאַנגן בערן־פּעלץ, אזוי אַז איר קאָפּ זעט זיך קוים ארויס. אַ שמייכל פלאַטערט איבער איר שיינעם פּנים. אירע האָר זיינען צעברויזט און צעפּאַטלט. דער גוטער שלאָף האָט, ווייזט אויס, אַ גאַנצע נאַכט זיך געשפּילט מיט אירע לאָקן...

דעם אָנגעצונדענעם לאַמטערן פאַרהייבט זי העכער, בכדי זיי זאָלן זיך ביידע צו זאַט קענען אָנקוקן...

פּלוצלינג פאַרטראַכט זי זיך אַ ווײַלע. איר געהער פאַרנעמט גלאָקן־קולות. פאַרצויגן מיט טרויער ווערן אירע אויגן. אויף איר פּנים פאַלט דער שאָטן פון אַ ווייטן טויט...

— זאָמקע, ווער איז אין דער געגנט געשטאָרבן ? — פרעגט זי.

לכתחילה לייקנט ער שטיין און ביין. עס איז עפּעס ביי זיי, מיינט ער, אַ שטיקל חגא, רופט מען שוין דערפאַר, פון פינצטער אָן אין טיפלע אַריין.

— ניין, זאַמקע, אַלע גלעקער קלינגען דאָך, איז עס א סימן אַז ס'איז ווער געשטאָרבן. ווייסטו באמת ניט ווער עס האָט אַוועקגעמתט? — פרעגט כאַסעלע און דאגה נעסטיקט אין איר קול.

זאַמקע ווייס אַז כאַסעלע באַקומט פּחד ווען זי דערוויסט זיך אַז אַ באַקאַנטער פויער איז געשטאָרבן, מעג אַפילו דער מת ליגן אין אַ דאָרף וויאָרסטן ווייט פון גוטמאַן־פּייוועס שטוב. פאַר איר טובה וועגן, אום זי זאָל נאָכדעם ווי זי וועט אים ארויסבאַגלייטן צוריק קענען אַנטשלאָפן ווערן, קנאַקט ער אָפּ אַ גלאַטן ליגן:

— פון וואַנען זאָל איך וויסן ווער עס האָט אַוועקגעמתט, בין איך דען דער גלח פון פּאַראַפּיע, צי וואָס?

נאָכדעם, אַז ער איז שוין אַ שטיקל וועג אָפּגעפאָרן, דרייט ער זיך אויס מיט דער צורה צו איר. לויטן ברענענדיקן לאָמטערן פאַרשטייט ער אַז זי שטייט נאָך אויף דרויסן און ציט זיך מיט אירע בליקן נאָך זיין שליטן. פון ווייטן שרייט ער: „כאַסעלע, עס איז קאַלט, גיי אַריין אין שטוב, גיי אַריין אין שטוב".

...ער געפינט אויס אַז ער איז שוין אומבאַמערקטערהייט דערפאָרן ביזן שטיינערנעם פלויט פון פּאַרצייטישן מאַהילניק, אויף יענער זייט יישוב. דאָס פערד שטייט טיף פאַרטראַכט און זיינע וואַכע אויערן — צוויי פאַרשפּיצטע טורעמלעך אויף זיין קאָפּ — ציטערן.

זאַמקען דאַכט זיך אַז די בהמה האָט אונטערגעהאָרכט דעם גאַנצן שמועס, וואָס ער האָט אין זיין דמיון מיט כאַסעלען געפירט.

כעס גיט אים אַ הויב פון שליטן אַרויס. ער שפּרינגט אַראָפּ אויפן וועג און פּאַכעט מיט דער בייטש איבערן רוקן, צווישן די אויגן פון דער בהמה.

אַ זייטיק שטעגל ברענגט אים צום רוקן פון גוטמאַן־פּייוועס שטוב. פון אַהינטער גערטנער פּאַרפּלייצטע מיט זויבערע, גלאַטע שנייען הייבט זיך ארויס אַ לאַנגע קלעצער־וואַנט. אין וואַנט איז אַריינגעפּאַסט דאָס פענצטערל פון צימערל ווו כאַסעלע שלאָפט.

די כאַטע האָט נאָך געדרעמלט צוזאַמען מיט דער גאָרער געגנט.

בלויז דאָס פענצטערל איז געווען וואַך... די שייבלעך האָבן פאַר־וואונדערט און צו גלייך פריינדלעך אָנגעקוקט זאַמקען...

פאַרנדיק האָט ער נאָכאַנאַנד אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף צוריק. פון קלעצער־וואַנט האָט אָפּגעשלאָגן אַ מיניערייַ פון מאַטן זילבער, ווי אַ קליין, טיף וואַסערל וואָלט אַרויסגעקוקט פון פאַרטונקלטע פעלדער... דער שימער האָט אים פאַרנאָפּלט מיטן שלאָפקאַמערל ווו עס שוועבט איצט דער זיסער גערוך פון כאָסעלעס אויסגע־וואַרעמט מיידל־לייב... אַ געטרייסטער האָט ער זיך געטראָגן אַלץ טיפער אין דער געגנט אַריין...

אַז ער איז אָנגעקומען אין דאָרף קישקעל, האָבן זיך שוין אין אַלע פויערישע היימען געשמאַק געהייצט די אויוונס. שטיבער פולע מיט פריילעכע פייערן האָבן אריינגעשיינט אין דעם שיטערן פינצטערניש. זאַמקע מיט זיין פערד זיינען כסדר אויסגעצירט געוואָרן מיט ציטער־דיקע אָפּגלאַנצן.

לויט די רויכן וואָס קריכן פון די קוימענס אַרויס, האָט זאַמקע פאַרשטאַנען ווער פון די פויערים עס איז אַ יוסטער באַלעבאָס און ווער אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס. פאַראַן בעל־גופישע, קאַרגע לאַנד־ווירטן וועלכע פאַרגינען זיך ניט צו קויפן און אָנצוטאָן אַ קראַנץ־בייגל אויפן האַלדז ווען זיי קערן זיך אום פון מאַרק אָדער פון טיפלע אַהיים. אַזוינע לייט פאַרשעמען דערפאַר קיינמאָל ניט זייערע אויוונס. אַלע פאַרטאָג שטאָפּן זיי אָן מיט טרוקענע שייטן האָלץ. אַ פיין רייכל, ווי אַ ווייס פענדל, פלאַטערט איבער זייערע דעכער. פון קעלט ווייסן זיי ניט און פון הונגער ווייסן אפילו זייערע בהמות און עופות אויך ניט.

פאַראַן, פאַרקערט, פויערים וועלכע פירן אַוועק זייער לעצטע, אויסגעהאָרעוועטע מטבעלע אין שענק אריין. און אז דער פייעם ווערט פעליק, פאַרבאַהאַלטן זיי זיך אויף גאַנצע נעכט אין א טיפער זעמליאַנקע און קאָכן ביים ליכט פון אַ קינעלע אַליין בראַנפן. די הויזגעזינדן זייערע הונגערן, פאַרשטייט זיך, אויפן פּוד און די קי

צערייסן די שטאַלן מיט זייערע פאַרצווייפלטע געשרייען. מענטשע־לעך פון דעם מין באַהייצן זייערע קלאָגעדיקע היימען מיט געגנבעטע ווייצעס און שטרוי און זייערע קוימענס שטיקן זיך מיט סאַזשיקע, שוואַרצע רויכן...

פון ווייטן האָט זאַמקע דערזען אַ שטיבל, אַ פאַרבלאָנדזשעט טיף אין די פעלדער אַריין. פון אינעווייניק האָבן אַרויסגעקוקט צעוואַק־סענע, אומרויקע פלאַמען. די שייבלעך פון איינציקן פענצטערל זיינען געווען שטאַק־רויט, אַזוי אַז עס האָט זיך געקאָנט דאַכטן אַז זיי וועלן אָט־אָט פון היץ מיט אַ געבראַזג פּלאַצן.

דאָס הייזל האָט אים געקומערט און באַלוסטיקט צו גלייך. ווייל באַקאַנט זיינען אים געווען די פוסטע, גאַווהדיקע שמד־שטיק פון די שלימזלדיקע פויערים אין קאַנט, בפרט פון ווינוואַ דעם שיכור.

— ווינוואַ וויל אָפּנאַרן דעם אייגענעם אויוון — האָט ער גע־טראַכט — און די גאַנצע געגנט אַרום. האָט ער דערפאַר אָנגעשטאָפּט אַ פולן אויוון מיט ווייצעס און שטרוי, וואָס פלאַקערן ווי אַ שריפה, אָבער לאָזן ניט קיין טראָפּן וואַרעמקייט און קיין לעבעדיקן קויל נאָך זיך. — אַי, ווינוואַ, לאָטרע, שיכור איינער! דאָס פלעשל וועט דיך אַריינטרייבן אין אַזאַ אָרעמקייט, אַז דו וועסט מוזן עפענען די קאַרטאָפל־גריבער און לייגן די זריעה־בולבעס אין טאָפּ און אין בהמות־צעבער אַריין... און זומער וועט זיך אויף דיינע פוסטע פעלדער אַפילו קיין שוואַלב ניט אַראָפּלאָזן...

זיך דערמאָנט אַז ער וועט אין אַ שטיקל צייט אַרום דאַרפן אַריינ־גיין און אָנקוקן דעם טויטן זשאַלגאַ, האָט ער אָנגעשטעלט זיין געהער, בכדי צו דערטאַפּן ערגעץ אין דער ווייט די קולות פון די גלעקער. אָנשטאָט קלאַנגען האָט ער אַצינד פאַרנומען אַ פאַרטייעטן ברום, וואָס האָט שטיל געציטערט אויפן דנאָ פון דער שטילקייט. די גרויסע קלויסטער־גלעקער האָבן נאָך, הייסט עס, ניט גערוט.

בינו לבינו האָט זיך דער שליטן צוגעשאַרט ביזן ברעג דאָרף, דאָרט ווו גאַנצע בערגלעך שניי זיינען אָנגעלאָפן אויף די כאַטעס,

פֿאַרפּלייצט די שווּעלן און געוועלט אין די שטיבער אַריינקריכן. אונטער אַ נידעריק הייזל איז געשטאַנען דער יונגער אונטוליס און מיט אַ לאָפּעטע געפּרוווט באַפרייען דעם דאַך פֿון דער אָנגעפּוש־נעטקייט.

זאַמקע האָט אים פֿאַרבייפּאָרנדיק באַגריסט.

אונטוליס האָט זיך דערפֿרייט מיט אַ באַקאַנטן מענטשן.

— איך וויל אָראָפּשאָרן די גרויסע משא שניי פֿון דאַך בכדי די קלעצער, אונטערן שטרוי זאָלן ניט אָנהייבן פֿלאַצן — האָט ער געגעבן צו פֿאַרשטיין — איז אָבער דער שניי האַרט ווי אַן אויסגעטריקנטע פֿעל פֿון אַ אָקס.

— האָב געדולד נאָך אַ שטיקל צייט. בייטאָג פֿילט מען ווי די סאָוליאַלע (דאָס זונעלע) ראַנגלט זיך מיטן פֿראָסט, זי וועט שוין אין גיכן אליין אָנהייבן פּיקן דעם שניי...

— וואַרט נאָך, וואַרט נאָך אַ ביסל — האָט זיך דער פֿויער אויסגעזונגען.

— און די קלויסטער־גלעקער האָסטו געהערט? — האָט אים זאַמקע אַריינגעצויגן אין די סאַמע לעצטע געשעענישן.

— געהערט, דער אַלטער זשאַלגאַ איז געשטאָרבן.

— ער האָט געאַרבעט ביז דער לעצטער מינוט. פֿאַרגאַנגענעם פֿרילינג האָב איך נאָך געזען ווי ער האָט געזייט. זיין קרעפֿטיקע האַנט האָט ער רעגנבויגנדיק געדרייט און די קערנער זיינען זיך צעלאָפֿן געגנוג ווייט אַרום אים. די אויפֿגעריסענע ערד האָט דעמאָלט ממש געקוואָלן אונטער זיין טראָט.

— יאָ געקוואָלן, ניט געקוואָלן, אָבער אַלט איז ער געווען. די האָר אויף זיינע באַקן, קין און שאַרבן זיינען שוין געוואַקסן גאָר פּאַמעלעך און נידעריק ווי מאָך. מיר וועלן קיין זאַך נישט איבער־מאַכן: די אַלטע פֿייגל מוזן אַרויסגעטרייסלט ווערן פֿון זייערע נעסטן...

זיי האָבן זיך אַזוי געשמועסט ביז עס איז צו רייד געקומען וועגן

שעפסן. זאַמקע האָט געזאָגט אַז אַ פּאָר אָפּגעקאָרמעטע שעפּסן וואָלט ער געקויפט.

— איך האָב אַ לאַם איז ער שמאַלציק־ווייך ווי אַ קישן — האָט דער פויער געזאָגט.

זייענדיק אָנגעטאָן אין די גלאַנציקע שטיוול, האָט זאַמקע זיך אָפּגעזאָגט צו קריכן צוזאַמען מיטן פויער אין די נאַסע מיסטן פון שעפּסן־שטאַל. האָט אים אונטוליס פאַרבעטן צו זיך אין דירה און אַליין איז ער אַוועק כאַפּן דעם לאַם און אים אַריינטראָגן אין שטוב אַריין.

זאַמקע איז אריין אין אונטוליסעס היים.ביים שוועל האָט ער מיט הייטערקייט אויסגערופן:

— לאַבאַס, טעוועל (גוטמאָרגן, טאַטעלע)!

לכתחילה האָט ער דעם אַלטן אונטוליס ניט געזען. געוווּסט האָט ער אָבער, אַז דער זקן זיצט הינטערן אויוון און פלעכט פּענטעס פאַר פערד. האָט ער אים אָפּגעגעבן דעם כבוד וואָס אים קומט.

אַנטקעגן צעפלאַקערטן אויוון איז געזעסן ביים שפּין־ראָד דעם יונגן אונטוליסעס ווייב. אַ שגצל און אַ שיקסעלע האָבן זיך געשפּילט לעבן אירע באָרוועסע פיס.

— וואַ, זאַמקע, זעץ זיך, — האָט אונטוליענע אויסגערופן — איך האָב באַלד דערקאָנט דיין שטים הינטער דער וואַנט.

פון די פינצטערע ווינקעלעך זיינען דערווייל אַרויסגעשפּרונגען קראַליקלעך, זיך דערנענטערט צו דער פויערטע און באַשמעקט אירע פּיאַטעס. נאָכדעם זיינען די חיהלעך אָפּגעטראָטן, דערשנאָפּט ערגעץ אַ מער און גענומען גריזשען דעם זיסן געוויקס מיט די שוואַכע ציין.

דער אַלטער אונטוליס איז אַרויסגעטראָטן פון זיין באַהעלטעניש. זיינע קראַנקע אויגן, איינגעראַמטע אין אַנגעצונדענע לעפלעך, האָבן געשמייכלט אַנטקעגן גאַסט.

— איך זיץ גאַנצע טעג — האָט ער זיך פאַרענטפערט — און היט

דעם אויוון. דער ווינטער איז ניט פריינדלעך צום אַלטן מאַן, גאָר ניט פריינדלעך.

— פאַרוואָס ברענגסטו ניט דיין כלה? — האָט דאָס שפּין־רעדל מיט האַסט אָנגעהויבן צו זשומען אונטער דער שפּינערינס קין — מיר פאַרבעטן זי צו אונדז. מיר וועלן אויך גוט אויסהייצן אונדזער בעדל, וועט זי קענען זיך גוט דורכפּאַרענען. מיט איר שיינקייט וועט זי דאָך פאַרלייכטן דאָס טונקעלע בעדל אונדזערע...

— דו ביסט אַ נאַר, זאַמקע, און געגוג, — האָט אים דער אַלטער געמוסרט — ווען איך בין אין דיינע יאָרן און איך האָב אַזאַ שיינע מיידל ווי דיינע, וואָלט איך שוין לאַנג געווען אַ טאַטע פון אַפּאָר קרעפּטיקע קינדער. ווען מען האָט ליב די ווייב, דער אויוון איז גוט, ניט אויף־צום־פּלייסן אויסגעהייצט און די פולקייט אין טעפּל מורמלט אונטער, בריען זיך אויס אין דער משפּחהדיקער וואַרעמקייט געזונטע דורות, אַזוי ווי עופעלעך אין אַ וואַרעמער נעסט. דער שטאַרבט, יענער שטאַרבט, היינטיקע נאַכט האָט זשאַלגאַ אָוועק־געלייגט די לעפּל, איך אליין שפּיר שוין אויך אַז די ערד רופט מיך, דער טויט טוט דאָס זייניקע, דאַרף דער לעבעדיקער אויך טאָן דאָס זייניקע... ניט אמת, זאַמקע? — האָט דער אַלטער צוגעשמייכלט.

— אמת, זיכער אמת, טאַטעלע, — האָט זאַמקען שטאַרק הנאה געטאָן וואָס כאַסעלע ווערט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט דערמאָנט אין די דערפער.

דערווייל איז אַריינגעקומען דער יונגער אונטוליס. אויףביידע אָרעמס זיינע האָט ער געטראָגן אַ לאַם.

דער שעפּס איז געשטאַנען אויפן דיל און יעדעס קוטשל וואָל אויף זיין פעל האָט געציטערט פאַר שרעק. זאַמקע איז צוגעגאַנגען און אים אַ טאַפּ געטאָן אונטערן בויך, אין ברוסט.

— נישקשה פון אַ בהמהלע — האָט ער באַשטעטיקט.

מיט אונטוליסן האָט ער זיך קיין סך דינגען ניט געדאַרפט. מען איז דורכגעקומען וועגן מקח און זאַמקע האָט געגעבן האַנטגעלט.

אָפּנעמען דעם לאָם האָט ער געזאָלט פאַרנאַכט ווען ער וועט פאָרן צוריק אַהיים.

זיך דערוויטערנדיק אַ היפּש שטיקל וועג פון קישקעל, האָט זאַמקע פלינק מיטן בליק אויפגעכאַפּט אַז ערגעץ אַרום פּאַלאַקני האָט זיך באַוויזן דער באַגין. ווי אַ שוואַרצער, שטומער פויגל האָט זיך דאָס פינצטערניש אָפּגעריסן פון דער ערד און ווייט פאַרפלויגן... אויף די שנייאיקע שטרעקעס האָבן געפלעמלט די ערשטע, ציטערנ־דיקע צייכנס פון דער ליכטיקייט.

די כאַטע ווו זשאַלגאַ איז געלעגן איז געווען אַרומגעשטעלט מיט די שליטנס פון די אָנגעפאָרענע דאָרפסלייט. זאַמקע האָט דערקענט די פערד, די געשפּאַנען פון זשאַלגאַסעס קרובים, וועלכע זיינען זיך צוזאַמענגעפאָרן פון די יישובים און וויענאָסעדיסן אין דער געגנט.

געגוי ווו זשאַלגאַ ליגט האָט ער ניט געוווּסט. האָט ער לכתחילה געוואָלט אַריינגיין אין סטאַנציע (גאַסט־צימער). הינטער דער טיר זיינען אָבער צו אים דערגאַנגען פרייילעכע געדרוישן. די צונויפגעז־זאַמלטע יוגנט האָט געכאָכאָטשעט און זיך געלאָזט ווילגיין.

האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דער מת ליגט אין דער אַנטקעגנדיקער, שטילער האַלבשטוב. איידער ער האָט די טיר געעפנט האָט ער דאָס היטל אַראָפּגענומען און אַ גלעט געטאָן מיט דער האַנט די האָר. יאָ, די טשופּרינע איז נאָך געווען פיין איינגעלייגט, ווי אָקערשט פון אונטער דעם קאָם אַרויס. זיין קאָפּ האָט אויך פאַרשפּרייט אַ גוטן, בכבודיקן גערוך...

אין שטוב זיינען געזעסן די עלטערע ווייבער און מאַנספּערשוינען. אַן אָנגעטאַנענער אין זיין שוואַרצן, יום־טובדיקן גאַרניטער, באַשוכט מיט אָפּגעפּוצטע שיך ווי אין קלויסטער צו פאָרן, איז דער אַלטער זשאַלגאַ געלעגן מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ צו דער פאַרייכערטער סטעליע צו. אין די וואַקסענע הענט, פאַרלייגט אויפן בויך, האָט געדרעמלט אַ שוואַרץ, אומעטיק צלמל...

די ליכט, צוגעשמאָלצענע צו די ווייסע אומגעהובלטע ברעטער

אויף וועלכע דער מת איז געלעגן, האָבן רוגזהדיק געוואָרפן די פלעמלעך, געשפּיגן מיט חלב אַרום זיך. די ריחות פון האַלץ און פון לייכטן טשאַד האָבן זיך אויסגעמישט אין דער לופטן.

דעם הילכיקן גוטמאָרגן, וואָס ער האָט תמיד גרייט געהאַלטן אויסצורופן, האָט זאַמקע איצט פאַרביטן אויף אַ לייכטן שאָקל מיטן קאָפּ. ער האָט אויך אַ ווונק געטאָן צום קרענצל פּויערים, וואָס האָט ווי אַ בינטל פליגן געקלעפּט צום וואַרעמען אויוון.

די דאָרפסלייט האָבן אים אַריינגענומען אין זייער מיט.

— אַ גוטער פריינד זאַמקע, — האָבן זיי געזאָגט — געקומען אָפּגעבן כבוד דעם מת גלייך מיטן אָנקום פון באַגין.

— איך בין פאַרבייגעפאָרן, בין איך אַריינגעגאַנגען זיך געזעגענען מיטן אַלטן זשאַלגאַ. וועגן זיין טויט האָב איך געוווּסט פריער פאַר אייך.

— פון וואַנען האָסטו געוווּסט?

— איך האָב געוווּסט! — האָט זאַמקע קורץ אָפּגעענטפערט.

— וואָס פאַרשטייסטו ניט, ער האָט זיך צוזאַמענגעשמעקט מיט דעם גלאָקנציערס יונג ווייבל, זאָגט זי אים אָן אַלע פריש־צאַפּלדיקע נייסן פון קאַנט.

די פּויערים האָבן געשמייכלט. זאַמקע האָט מיטגעשמייכלט.

— זשאַלגאַ יאַזאַס איז ביי מיר געווען אַ שטיק פאַרטאָג. ער איז געקומען באַשטעלן אַ טרונע. איך האָב אים אויך געעצהט ער זאָל הייסן קלינגען אין אַלע גלעקער.

מען האָט געשמועסט וועגן טויטנס דריי זין, וועלכע ווינען שוין יאָרן לאַנג אין אַמעריקע און אַרבעטן אין שיקאַגער בוינעס. מען האָט אויך אַרומגערעדט די מעלות פון יונגן זשאַלגאַ, וואָס ווייכט פון פלעשל פּונקט ווי דער טאַטע זיינער און האָט נאָך ביז איצט איבער זיין ווייב די בייטש ניט אַראָפּגעלאָזט...

— דער וואָס טרינקט ניט, דער האָט... — האָט זאַמקע אָנגעוויזן.

— דו האָסט גוט געזאָגט, פון אַ שיכורס פעלדער צעלויפן זיך

אַפילו די פעלדמייז, ווייל זיי האָבן ניט וואָס אַ גריזשע צו טאָן.

די אויסגעפּוצטע ווייבער און מענער האָבן גערעדט מיט אַ גאַר שטילן קול, ווי זיי וואָלטן ניט געוואַגט אימעצן אויפצוּוועקן. איבערן מתס פּנים איז געלעגן אַ טיפע פאַרטראַכטקייט. עס האָט זיך געדאַכט אַז ער פארנעמט קולות, געקומענע פון גריילעך ווייט...

די טיר האָט זיך געעפנט און אין שטוב האָט זיך מיט אַ ליאַרעם אריינגעשאָטן אַ כאַפּטע אויסגעפּוצטע שקצימלעך און שיקסעלעך. די מיידעלעך — אָנגעטאָן אין לאַנגע צערקעסענע קליידלעך. אין די בלאָנדע האָר זיינען געווען פאַרפלאָכטן קאָלירקע בענדער.

— ציט (שטיל), — האָבן די מאַמעס אויף זיי אָנגעשריען — זשאַבעס וואָס איר זייט!

די קינדער האָבן גענומען טרעטן אויף די שפּיץ פינגער. דעם יונגן זשאַלגאַס אַ שייגעצל האָט געגעבן צום טויטן ייִדן און מיט די הענטלעך אויסגעגלעט די לעפלעך איבער די פאַרמאַכטע אויגן, די באַקן, דעם קאָפּ...

די לאַנדווירטן האָבן נאָך גערעדט וועגן דער ווינטער־תבואה. טייל פון זיי האָבן געפּרוּווט משער זיין ווי אַזוי די יונגע גרינע קעפּלעך פון די ווינטערקאָרן פילן זיך אין די הייי־יאָריקע הויכע שנייען. זאַמקע האָט זיך אויך נאָכגעפרעגט ביי די פּויערים פון עטלעכע דערפער צי די פרעסט האָבן ניט געקאַליעטשעט די אויפּס־ביימער.

שפּעטער אַ ווילע איז ער אַריינגעגאַנגען צו דעם יונגוואַרג אין „סטאַנציע". פּאָרלעך זיינען געזעסן אַרומגענומען און זיך פריילעך געמאַכט. די בחורים האָבן זיך געצויגן מיט די ליפּן צו די מיידלשע פּנימער. אַז די פריילנס האָבן זיי אָבער אָפּגעשטופּט פון זיך, האָבן זיך די יונגען איינגעזויגן מיט די לעפצן ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט: אין די העלדזער, אין די נאַקנס, אין די בלוזעס וואָס איבער די פולע בוזעמס.

די בחורים האָבן דערזען זאַמקען און זיך אַביסל פאַרשעמט. דער שיכורער שעסטאָקאָס איז צו אים צוגעגאַנגען, אים אַרומגענומען ביי

דער טאַליע, ווי אַ מיידל, און צו אים אויסגעשטרעקט זיין האַנט.

— זאַמקע, — האָט ער אויסגעשריען און אַ שאַרפער ריח פון בראָנפן האָט א שלאָג געטאָן פון זיין מויל — זאַמקע, לאָמיר זיין חברים!...

— זאָג מיר בעסער, שעסטאָקאָס, וויפל דו האָסט אויסגעטרונקען, אָדער אפשר מאַכסטו זיך גאָר שיכור?

— זאַמקע, דו ווייסט דאָך אַז איך בין ניט קיין גרויסהאַלטער און איך מאַך זיך קיין מאָל ניט שיכור בכדי זיך בלויז אויסצופיינען פאַר די מיידלעך... איך האָב פריער באַהאַלטענערהייט גענומען אַ ביסעלע און אויף דער סעודה לכבוד דעם טויטנס נשמה וועל איך נעמען נאָך אַ ביסעלע. מען שטאַרבט דאָך ממילא, דאַרף מען אויסטרינקען כל־זמן עס לאָזט זיך.

שעסטאָקאָס האָט אנגעהויבן באַלעמוטשען. אין זיין קול איז געלעגן הכנעה.

— זאַמקע — האָט ער זיך אַ קלאַפּ געטאָן מיט אַ פויסט אין האַרצן — איך זאָג נאָך א מאָל: לאָמיר זיין חברים...

וועלנדיק זיך פון אים אָפּטשעפּען האָט זאַמקע אויסגעשטרעקט זיין האַנט אַלס צייכן פון ברודערשאַפט.

— נו, לאָמיר — האָט ער געזאָגט און זיך פארשייט דורכגעוווּנקען איבער שעסטאָקאָסעס פּלייצע מיט די איבעריקע בחורים.

די יונגען און מיידלעך האָבן זיך אַרום זיי געערעדלט. שעסטאָקאָס איז צערייצט געוואָרן און אָנגעהויבן טענהנען:

— איצט אַז מיר זיינען שוין חברים, טאָ גיב מיר דיין שיינהייט, וועל איך זי גוט אויסקושן.

יונגוואַרג האָט אָבער שעסטאָקאָסן געשטאָכן:

— דו קענסט דאָך זי ניט. מיט אַזאַ באַיאַראָס (פּריץ) ווי דו, גריסט זי זיך אַפילו ניט...

— וער, איך קען זי ניט? כאַסעלען קען דאָך יעדער הונגעריקער האָז אין דער געגנט. אָט אַ שיינהייט, דער טייוול זאָל זי נעמען —

האָט ער אַ טופּע געטאָן מיט אַ פוס, אַזש די צעשויבערטע טשופּרינע האָט אַ טאַנץ געטאָן אויף זיין קאָפּ.

— איך וועל שלאָגן, זאַמקע, — האָט זיך דאָס בראַנפן אָנגעצונדן אונטער דעם פויערס פּנים — אויב דו וועסט מיר ניט געבן דיין שיינהייט, וועל איך שלאָגן.

— איך וועל דיר זי געבן — האָט זאַמקע פריידיק געלאַכט און אַלע האָבן מיט אים מיטגעלאַכט.

אַז ער האָט זיך געקליבן אַוועקצופאָרן, האָט שעסטאָקאָס אים צוגעטראָגן צוויי פלעשער היימישן גערשטן־ביר.

— נאַ, פיר עס אַוועק אַ מתנה פאַר אונדזער שיינהייט. נעם עס מיט; אַז ניט, וועל איך שלאָגן.

ארויספאָרנדיק פון הויף, האָט אים דער שיכורער בחור נאָכ־געשריען:

— געדענק, זאַמקע, דיין צוזאָג, געדענק; אַז ניט, וועט זיין שלעכט.

אַז זאַמקע האָט נאָכן אַרומפאָרן אַ גאַנצן טאָג איבער די דערפער זיך אומגעקערט אַ שטיק אויף אָוונט אַהיים, האָט ער געאיילט צו כאַסעלען, טראָגנדיק אין די קעשענעס דיביידע פלעשער היימישן ביר, וואָס שעסטאָקאָס האָט פאַר איר מיטגעגעבן.

פון גוטמאַן־פּייוועס פענצטערלעך האָט אַרויסגעשיינט אַ קאַרג ליכט. דאָס נאַפטלעמפּל איז שוין געווען אַראָפּגעדרייט.

— מען שלאָפט שוין ביי זיי — האָט אים אַ ברי געטאָן אַ פיינ־לעכער געדאַנק. דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהויבן קלאַפּן פאַר מורא ער זאָל ניט דאַרפן זיך אומקערן אַהיים ניט האָבנדיק געזען כאַסעלען אַ רונדן מעת־לעת.

ער האָט אַ לייכטן פּויק געטאָן מיט די פינגער איבער די שייבלעך און זיך איינגעהאָרכט. פון הינטער דער טיר האָט אַרויס־געזונגען אַ קול — כאַסעלעס קול.

— איך — האָט זאַמקע געענטפערט און ניט געפילט ווי ער איז

פּלוצלינג שטיין געבליבן אין גוטמאַן־פּייוועס שטוב. אַ צעוואָרעמטע, די שיינע אויגן צעגליטע פון דערוואַרטונג, האָט זיך כאַסעלע אַרויסגעשלאָנקט פון איר ראָזער נאַכטפּיזשאַמע.

— טאַטע־מאַמע שלאָפן שוין? — האָט ער געפרעגט שטיל.

זי האָט אַ וויג געטאָן איר קאָפּ אויף יאָ און צוגעלייגט אַ פינגער צום מויל.

— און דאָס פּלעמל פון לעמפּל שלאָפט שוין אויך באַלד איין... — האָט ער איר געשעפּטשעט אויפן אויער.

— דו וועסט אים באַלד קענען פאַרלעשן...

זייערע שמייכלען האָבן זיך געטראָפן און פאַרשמאָלצן. זי האָט אָנגענומען זיינע ביידע הענט.

— אוי, ווי קאַלט זיי זיינען — האָט זי פאַרמאַכט די אייגלעך און אַ ציטער געטאָן — קום, מיר וועלן זיך אָנוואָרעמען ביים אויוון.

זאַמקע האָט אַרויסגענומען ביידע פלעשער גערשטן־ביר און זיי אַוועקגעשטעלט אויפן טיש:

— דאָס איז אַ מתנה פאַר דיר פון שעסטאַקאָסן, שעסטאַקאָס פון וויגאָדקע.

— איך קען אים ניט.

— אָבער ער קען דיך יאָ, ער זאָגט אַז אַפילו די הונגעריקע האָזן אין די אויסגעהוילטע ביימער קענען דיך. אויך אונטוליענע האָט דיך פאַרבעטן צו איר אין געסט. זי וועט לכבוד דיר אויך גוט אויסהייצן איר בעדל...

זי האָט אים אויסגעטאָן דאָס פעלצל און כסדר געפּישופּט מיטן בליאַסק פון אירע שיינע אויגן. נאָכדעם האָט זי אים פאַר דער האַנט אָנגענומען און אים צוגעפירט צום אויוון.

אַ געפיל פון גרויס גליק האָט דורכגעוויכערט זאַמקעס האַרץ. אויף די שפּיץ פינגער האָט ער דורכגעשוועבט די שטוב, צוגעגאַנגען צום לאָמפּ און אים פאַרלאָשן.

דאַן האָט ער אַרומגענומען כאַסעלען און זיך איינגעזויגן אין אירע

וואַרעמע, זאַפטיקע ליפּן. זיי האָבן זיך איינער מיטן אַנדערן אַזוי פאַרכליניעט אַז עס האָט כאַסעלען אָנגעהויבן אויספעלן אָטעם.

— דו וועסט מיך דערשטיקן — האָט זי זיך אויפגעכאַפּט ווי פון טיפן שלאָף — מען זאָגט אַז אַ קוש נעמט צו אַ טאָג לעבן און דו מיט דיין יעדן קוש נעמסטו פון מיר צו אַ גאַנצע וואָך לעבן...

ער האָט זי אויפן שויס גענומען און איר דערציילט וועגן דעם, וואָס ער האָט געזען און געהערט אין די דערפער. וועגן דעם טויטן זשאלגא האָט ער קיין וואָרט ניט געלאָזט פאַלן, זי זאָל קיין שרעקעניש ניט האָבן.

— דער אַלטער אונטוליס זאָגט, אַז מיר דאַרפן שוין חתונה האָבן און קינדער געבאָרן — האָט ער איר אריינגעפליסטערט אין אויער.

זי האָט זיך פאַרשעמט און אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל. זאַמקע האָט געפילט ווי איר האַרץ לויפט און קלאַפּט אין דעם פינצטערניש.

— וואָס וואָלסטו געוואָלט פריער געווינען, אַ ייִנגעלע צי אַ מיידעלע ?

— איך ווייס ניט.

— און דער אָנבליק זייערער וועט זיין אין גאַנצן ווי דיינער...

— ניין, ניין, איך וויל ניט, — האָט זי זיך ליבלעך געחנדלט און אים אַ פּעטשל געטאָן מיט איר הענטל איבערן פנים — איך וויל אַז דאָס ייִנגעלע אָדער מיידעלע זאָלן געראָטן זיין אין דיר, זאַמקע...

זיי האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און מיט פאַרמאַכטע אויגן ווידער פאַרגאַנגען אין אַ תענוגדיקן, לאַנגן קושן זיך...

...און אַז זאַמקע איז אַ צעוואָרעמטער פון כאַסעלעס לאַסקעס אהיים געגאַנגען, האָט ער איבער זיין קאָפּ געפונען אַ ווייטן הימל מיט אַ סך צאַפּלדיקע פייערלעך. זיינע בליקן האָבן הייס געקושט די שטערן, וואָס היטן אין די נעכט כאַסעלעס היים, די היימען פון אַלע מענטשן אין דער געגנט, וואָס דערמאָנען איר נאָמען מיט ליבשאַפט...

ד"ר ח. נ. שאַפּיראָ

א. היימאַן איז איינער פון די זאַפטיקסטע פּראָזאַיקער פון דער יונגער ליטווישער יידישער לאַנד־ליטעראַטור. ער צייכנט זיך אויס מיט אַ האַרבן רעאַליזם, וועלכע נייגט שטאַרק אריבער צו נאַטוראַ־ליזם. זיינע דערציילונגען, אין תוך שטענדיק סקיצן און בילדער, דרייען זיך מייןנסטנס ארום דעם ליטווישן דאָרף, דעם ליטווישן מענטשן און צום טייל אויך ארום דעם יידיש־ליטווישן שטעטל, וועלכע האָט אָבער ניט פארלאָרן איר קאָנטאַקט מיט דעם דאָרף („דערנער", „הייס בלוט", „תבואה", „שלאַנגען" און אנדערע). אַ גרויסן אָרט פארנעמט ביי אים די ליטווישע נאַטור, וועלכע פילט אָן גרויסע טיילן פון זיינע יצירות. אַ ניי קאַפּיטל אין זיין שאַפן איז זיין היסטאָרישע דערציילונג „אברהם מאַפו". פאר אונדזערע אויגן אַנטשטייט דאָ אַ רעאַלע וועלט מיט א פיינער זאַטקייט פון קלאַנגען און שטריכן, אויסגעבויט מיט גרויסער געשיכטלעכער קאָלאָריטיש־קייט. היימאַן ווייזט ארויס אַ באַזונדער נייגונג צו מענטשן וועמענס וואָרצלען עס שטעקן אין אומרואיקן בלוט און אין געזונטער גשמיותדיקייט און ערדישקייט.

(פון דעם בוך „סקיצעס פון דער נייער יידישער ליטעראַטור", אין ליטוויש, אויסגאַבע פון קאָוונער אוניווערסיטעט, הומאַ־ניטאָרן פאַקולטעט, קאָוונע 1938).

## י. באַשעוויס

„...אליעזר היימאַן איז איבערראַשנדיק גוט אין זיין דערציילונג „געסטן און היימען״. דער העלד פון דער דערציילונג, זאַמקע, אַ יונגערמאַן וואָס קויפט אויף תבואה און בהמות ביי די ליטווישע פויערים, פירט אַ ליבע מיט אַ שיין מיידל, כאַסעלע, אַ נגידישע טאָכטער. ביידע וווינען אין איינע פון יענע ליטווישע פיצלעך שטעטעלעך וואָס באַשטייען פון צוויי שורות הייזער. קיין גרויסע געשעענישן קומען ניט פאָר אין אָט דער אידילישער דערציילונג. עפּעס אַן אלטער פויער פגרט און מען קלינגט פאַרטאָג אין קלויסטער. פויערים נעמען זיך צונויף אין כאָטע, ווו עס ליגט דער טויטער, און מען מאַכט אַ שנאַפּס. זאַמקע קויפט דערביי אַ לאַם. עס איז ניט די אַקציע פון דער דערציילונג וואָס ווירקט אויפן לייענער, נאָר דער שטאַרקער קאָלאָריט וועלכן דער מחבר ברענגט ארויס און די לעבעדיקייט פון די מענטשן וועלכע ער שילדערט. עס איז פאַראַן אַן איינשטימיקייט צווישן בילד און דיאַלאָג. זאכן פּאַסירן אין אַ ליכט, וואָס איז סאַי רעאַל און סאַי פאַנטאַסטיש, און וואָס קאָן נאָר געשאַפן ווערן דורך אַ קינסטלער. אליעזר היימאַן איז מער ווי אַ צוזאָגנדיקער טאַלאַנט. ער איז אָן צווייפל אַ טאַלאַנטירטער שריפטשטעלער.

(„צוקונפט״ ניו־יאָרק, יולי 1940, אין אַן אָפּשאַצונג וועגן דעם זאַמלבוך „רינגען״, וואָס איז אין זעלבן יאָר דערשינען אין קאָוונע).

## נתן גרינבלאט־גורן

אליעזר היימן (1908—1944), מְסַפֵּר עברי צעיר ורב־כשרון, שצמח על אדמת ליטא. נולד בעיירה קוברסק. בעודו ילד עבר עם הוריו לקובנה. נתחנך בגמנסיה הריאלית העברית, למד באוניברסיטה הליטאית ושימש בהוראה בבתי־ספר. עוד בשבתו על ספסל הלימודים בגמנסיה, פירסם ב„נתיבות" סיפורים קטנים, שנתגלה בהם כשרון אמיתי. היימן מוסיף לכתוב רשימות ומסות קטנות ב„נתיבות", ב„עולמנו" ופירסם גם סיפור ב„כתובים", וכל דבר שיצא מעטו היה מלוטש, חיוני וגרעיני. לאחר היאָלמות העתונות העברית בליטא, עבר יחד עם שאר הסופרים העברים הצעירים בליטא, לאידיש. השתתף בעתונים ובמאספים הספרותיים שיצאו בליטא. הוציא ספר קטן „אברהם מאפו", סיפור היסטורי שהוערך כהישג אמנותי. היימן חי כל ימי הכיבוש הנאצי בגיטו קובנה, שם ניספה.

בפרוזה של היימן נתגלה כוח ציורי רב. הוא מתאר נופי טבע, בעלי־חיים, „גויים", יהודים כפריים, קרקעיים; ובכלל נתונה היתה ראייתו לאנשי יצרים, חולי בולמוס, רדופי שגעונות, ואותם תיאר בצבעים שמנים, תוך דימויים מקוריים מבריקים. הכפר הליטאי וה„יישובניק" היהודי, העיירה, אנשי־אדמה, גננים, בעלי־עגלה, רוכלי־כפרים, מבריחי־מכס וכו' — נושאי יסוד הם בסיפוריו. תפיסתו האמנותית הריאלית וסיגנונו המלוטש שיוו ליצירתו משקל וחשיבות. ולכשיכונסו כל סיפוריו בעברית ובאידיש, יצטרפו לרכוש ספרותי ניכר. את החולין, החוסן, השרשיות שבשכבות התחתונות הליטאיות צייר היימן בכשרון ובכוח.

(שנתון „דבר" תו שין הא, ת"א 1945)

יעקב גאָטליב

# „אברהם מאפו" — היסטאָרישע דערציילונג פון אליעזר היימאַן

מיט דער דערציילונג „אברהם מאפו" איז אליעזר היימאַן אויסן געווען צו דערפילן אַ צווייאיקע שליחות. ערשטנס — רעסטאַווּרירן קינסטלעריש א שטיק אַלט יידיש לעבן אין ליטע, צווייטנס — אויפהילן און ווארפן אַ סנאָפּ מיט ליכט אויף איינעם פון די אייגנ־אַרטיקסטע קינסטלער־געשטאַלטן וואָס די יידישע ליטע האָט ארויס־געגעבן אין פאָריקן יאָרהונדערט — דעם גרויסן השכלה־ראָמאַניסט און ראָמאַנטיקער אברהם מאַפּו.

שוין מיט דעם ערשטן איינלייטנדיקן קאַפּיטל געלינגט א. היימאַנען אריינצופירן דעם לייענער אין דער אַלט־יידישער ליטע פון מיטן פון פאָריקן יאָרהונדערט. שפּאַן ביי שפּאַן גייען מיר נאָך דעם דערציילער אויפן שליאַך אויף וועלכן עס פאָרט דער דיליזשאַנס צו דער פאָרשטאָט פון עיר קאָוונע, ווילִיאמפּאָל, דאָרט ווו אברהם מאפו האָט אין ישיבה געלערנט און זיינע יוגנטיאָרן פארבראַכט. די שמאָלע געסלעך פון דער אַלטער פאָרשטאָט שיילן זיך ארויס אין נאָכטיקן חלל און ס׳אַלטע יידישע לעבן טויכט אויף, ווערט פיל־פאַרמיק פארן אויג, ווי א דערטרונקענע שיף, וואס מען שלעפּט איר ארויס פון ימים־טיפעניש אויפן ברעג... מיט עכטער בילד־לעכקייט וואס איבעררא‌שט אָפּט מיט געוואָגטקייט און בליצאַרטי־קייט, ווערט געמאָלן די פאַרגאַנגענע עפּאָכע, אזוי אַז איר ריח, איר פאַרב און איר אָטעם נעמען לעבן אין אונדזער געמיט.

איין עפּיזאָד אין לעבן פון אברהם מאַפּו נעמט א. היימאַן ווי אַ מיטל אָפּצושפּיגלען דאָס אייגנאַרטיקע לעבן און דענקען פון היסטאָרישן ראָמאַניסט. עס איז דער עפּיזאָד מיט מיכה־יוסף לעווענ־סאָנס יאָרצייט. דער אויטאָר פירט אונדז אריין דורך דעם עפּיזאָד אינעם געמיט־טויער פון אברהם מאַפּו און דערנענטערט אונדז צו די אינטימערע איבערלעבונגען פון קינסטלער בכלל.

מיר דערזען אברהם מאַפּון דעם טרוימער מיטן אויסגעצערטן נזירישן גוף און מיט די ברענענדיקע אויגן, ווי אַ שאַרפן סילועט אויפן טונקעלן פאָן פון דער אַמאָליקער יידישער קאָוונע. שאַרף און בולט שיילט זיך ארויס דער מאָדנער קאָנטראַסט צווישן דעם קינסטלער און זיין ווערק. דער דיכטער וואָס האָט דעם גלותדיקן פאַרפינצטערטן און דערשלאָגענעם יידן דערקוויקט מיט זיינע פאַנ־טאַזיע־רייכע, פאַרביקע ראָמאַנען פון יענער צייט, ווען דאָס יידישע פאָלק איז נאָך געזעסן אויף זיין ערד; דער דיכטער וואָס האָט אליין, זיצנדיק אויף די קאָוונער־אַלעקסאָטער בערג, געגליט מיט אַלע ליידנשאַפטן פון פאַרצייטישן ערדיש־געזונטן יידישן לעבן; — אָט־דער דיכטער איז שוואַך און וואַקלדיק ווי אַ דינער בוים אין שטורעמווינט, ווען ער טרעפט זיך צונויף מיט דער יידישער געטאָ־דיקערווירקלעכקייט, ווען ער פאַרלאָזט זיין שאַפונגס־וועלט און נעמט בלאָנדזשען איבער די יידישע גאַסן וואָס זיינען פול מיט שאַטנס און מיט קלויסטער־קלאַנגען.

אבער ניט נאָר אין זיין געראַנגל מיטן ארום דערזעען מיר דעם קינסטלער אברהם מאַפּו. מיר זעען אים אויך אין זיין געראַנגל מיט זיך אליין, מיט זיינע אייגענע שטימונגען, מיט די אייגענע שאָטנס וואָס רייסן זיך פון תהום פון זיין געמיט, ווילן פאַרצוקן ס׳שעפע־רישע לעבעדיקע ליכט אין אים...

מיט פאַרטיפטע עלעגישע שטריכן ווערט דורכן אויטאָר ארויס־געהויבן די אינערלעכע אינטימע וועלט פון מאַפּוס איבערלעבונגען. אברהם מאַפּו ווערט דאָ אוועקגעשטעלט אין אַ סימבאָלישן ליכט.

די דערציילונג וואס איז געצייכנט אין הארב־רעאליסטישע שטריכן באקומט דאָ א באזונדערן ליריש־פסיכאָלאָגישן שוווּנג. און דאָס איז טאקע איינע פון אירע אייגנארטיקסטע מעלות.

אָנגעשריבן איז די דערציילונג אין אן אַלטן קערנדיקן יידיש־לשון. א. היימאנען איז געלונגען צונויפצוגיסן אין איין האַרמאָנישן פורעם אלט־יידיש לעבן מיט אלט־יידישן סטיל. אָט לייענען מיר אַזעלכע בילדער: „פאַר אַן אָפענעם, אין וואנט ארייגעבויטן ספרים אַלמער, פול מיט תנ״כן אין לשון־קודש, לאטיין, דייטש און פראנ־צייזיש איז ער געבליבן שטיין א געבויגענער אונטער דער לאַסט פון צווייפלען און פיינלעכע מחשבותן ווי אַ וואַנדערער פאַר די טויערן פון אן אלטער ווונדערלעכער שטאָט״. אָדער: „דראַטעא איז געשטאנען אויף די שפּיץ־פינגער ביים שרייבטיש און טיף אין אירע פארוווּנדערט־אויפגעריסענע אויגן האָבן זיך ווי אין שפּיגלען געצונדן צוויי יאַרצייט־פייערן״... דאָס זיינען נאָר איינצל־ארויסגע־ריסענע אילוסטראציעס צו דער אלט־יידישער בילדלעכקייט, וואָס דער אויטאָר האט אוממיטלבאר ארייגעפירט אין זיין היסטאָרישער דערציילונג.

הגם די דערציילונג איז אָנגעשריבן פראגמענטנארטיק, פאַרמאָגט דאך „אברהם מאפו״ אן אינערלעכע אָרגאַנישע גאנצקייט וואס בינדט צונויף קאפיטל מיט קאפיטל, סצענע מיט סצענע. דאָס איז דער פולער היסטאָרישער אָטעם וואס קלאפּט איבער די בלעטער. און דאס איז דאס סאַמע באצייכנונגסווערטיקע אינעם שריט צו דער היסטאָרישער טעמאטיק וואָס אליעזר היימאַן האָט געמאכט.

(„טויערן״, זאַמלבוך פאַר ליטעראטור, קאָוונע 1937).

ישראל קאפלאן

# פון מעשה־בראשית ביז „אברהם מאפו"

(צום דערשיינען פון אליעזר היימאַנס היסטארישער דערציילונג „אברהם מאפו")

מיט די פעטע שאָטנס פון די ריזיקע שטאַמען האָט זיך אליעזר היימאַן צו אונדז ווי ארונטערגעוויגט ערגעץ פון די צווייגן־געדיכטענישן אין זיינע „אורוועלדער פינצטערע ווי נעכט". זיינע אַנגעגאָסענע שורות האָבן זיך געשלאַבערט איבער מאָך, קרייטעכצער און „פוילער גרין־קויטיקער אָזערע". העט, מעשה־בראשית.

און אז א מענטש האָט זיך באוויזן אין זיין וועלטל, איז עס געווען ווידער אן אויסגעבונדענער טייל פון דעם בראשיתדיקן ארום, וואָס האָט נאך געאָטעמט מיט דער שלאָף־פארזונקענער ערד. דער מענטש איז געווען „אָנגעזאַפּט מיט ווינטן און רעגן־פוכט, ווי די לופט פון די פעלדער; זיין הויט פארהאַרטעוועט און צעשפּאָלטן, ווי די קאָרע פון אן אלטן דעמב". ארויסקריגן אַ וואָרט פון אזא איינעם איז נאך שווערער ווי ארויסשלעפּן אַ פארזונקענעם פוס פון א ליימיקן באָדן. שטומען זיי צום מערסט היימאנס בראשית־טיפן. ס'רעדט פאר זיי ברייט, דורך היימאנס פארביקער פען, די ארומיקער נאטור אין אירע פארשיידענע געשטאלטונגען; פון זייער מויל אליין הילכן אָפּ קלאנגען פון די לאנגע קאָרע־דודעס, מיט וועלכע דער פּאַסטעך זאַמלט זיין סטאדע. צו מאל דערגייען אויך שטיל־פרומע טענער פון „הייליקע וועלכע לאָזן זיך מיט די פעלדער און זיינען מתפלל צוזאַמען מיט די פייגל און גראָזן".

היימאן לאָזט שוין דעם מענטשן ניט אָפּ. ער האלט זיין אויג אויף

אים, ווען יענער נעמט „באַפאַלן די וועלדער און זיי אויסלייגן טויטע". ער איז דערביי, ווען דאָס ווילד־פעלד טוט אַוווּנק צום הונגעריקן צווייפיסיקן, און יעדער דראָפּעט זיך אַריין מיט פלייש אין די „דערנער־נעסטן, וואָס האָבן זיך מיט אַלע זייערע גיפטיקע שטעכערס ברייט צעוואַקסן און געוויייעט מיט שרעק". און דער זעלבער היימאַן פּרוּווט גאָר נישט אוועקקערן דעם קאָפּ אויך פון אָט דער „מענטשלעכער שטאַרקייט" (ניט שוואַכקייט חלילה), ווען „ביי די מענטשן האָבן זיך צעשטורעמט די געבליטן, ווי דער וואַלד אין ווינט, און זיי פלעגן זיך יאָגן נאָך מיידלעך... דאָס שטורמדיקע בלוט האָט געהירזשעט, געזונגען..."

דער מענטש קעמפט נאָך דעמאָלט ביי היימאַנען מיט חיות, דערנער, געטער, נישטערט נאָך א רפואה־גרעזל און לאָבט זיך מיט כישוף.

מיט זיין דערציילונג „תבואה" האָט זיך היימאַן באוויזן אין שטעטל. טראָט ביי טראָט שפּאַנט ער מיט זיין „יונגן לאַנגן פויער מיט די שמאָלע בלאָנדע וואַנצעלעך און שפּיציק־שטעכיקע אויגן, ווי ביי אַ קראָע". און ווידער „שטום און שווער, מיט שווערע אראָפּהענגענדיקע הענט ווי ביי אַ בער" שטייען היימאַנס פויערים מיט אויפגעריסענע קוקערס און קענען זיך ניט אָנוווּנדערן פון דעם „געדרייטן און שטייגנדיקן ווירוואַר, ווי שטראָמען פון אַ קעסל־גרוב אין אַ טיפער אָזערע" — פון שטעטלשן מאַרק. אַ גאַנצן טאָג דרייען זיי זיך אַרום אין „קנויליקן פּלאָנטער פון כלערליי קולות" פון פערד, חזירים, מענטשן, הענער און הינט. פאַרנאַכט־צו באַגלייט זיי היימאַן ארויס צוריק אין דאָרף. „ווי שטיינער" וואַרפן זיך די פויערים אריין אין די שליטנס און ווערן נעלם אין די „בלויע ציטערנדיקע ווייטענישן פון דער פּראָסטיקער נאַכט".

היימאַן אליין בלייט שוין אבער אַ שטעטלשער.

ווי אָט אָקערשט פון דאָרף, קלעפּט נאָך היימאַן ניט צו דער שטעטלשער באַרעדעוודיקייט, ווייכט פון די קהלשע ווינטמילן,

געזעמלעך און רעדלעך. ער איז נאָך דורכויס באַנומען פון דער דאָרפישער שטילקייט און קנאַפּ־ווערטערדיקייט, ווו ברייט־צעעפנטע אויגן זיינען בכוח אויפצושלינגען אַ סך מער ווי א מויל, און ארויסקווועלן מיט פארביק־מאָלערישן גלאַנץ און קאָלאָריט. שאַרט זיך היימאן אין שטעטל פאזע דעם איינגעפונדעוועט־באַזעסענעם תבואה־סוחר, וואס פארמאָגט נאך א שוואכקייט צו שפילן זיך מיט פייגעלעך. ער טוליעט זיין בליק צו אַן אויסגייענדיקן עובר־בטל, וואָס קומען אים נאך צום חלום פרישע לאָנקעס און וואסערלעך, און ער שארט אַלץ אויפגעריסענע בליקן אריבערן פלויט פון גרויסן גלחישן סאָד. פון צייט צו צייט טוט זיך נאָך היימאן אַ כאַפּ ארונטער אין דאַרף. אבער שוין ניט סתם אין א געוויינלעכן טאָג, נאר ביי אַ טראַף. א מעשה נורא מיט א שלאַנגען־באַפאל, וואס וועגן אזא ווילדער מגפה געדענקען נאר „פויערים מיט געליימטע פיס, וועלכע ליגן שוין יאָרן אויף די אויוונס און וועלכע האָבן שוין פאַרגעסן ווי אַלט זיי זיינען".

היימאן איז שוין אָבער דער שרייבער פון ברייטערן יישוב, — און פאמעלעך נעמט אַנלאָקן אזש די שטאָט!

אמת, נאך ניט חלילה די שטאָט פון אויטאָ־ווירוואַר, ראַדיאָ, קינאָ און די נאָך רוישיקע־שרייאיקע צוקלערענישן. ריידן רעדט זיך עס פון מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט, און היימאַנען לאָקט אָן די שטאט — מיט איר גרויסן טרוימער אברהם מאפו. איין קלייניקייט, א מענטש „זיצט אויפן שפיץ בארג צווישן ביימער, ווי א פויגל, און שרייבט אפיקורסישע מגילות"!..

שוין אויפן וועג קיין אברהם מאַפּוס שטאָט, זיך שלעפּנדיק מיטן באַרימטן דיליזשאנס איבערן הארט־פארפרוירענעם טראַקט, נעמען שוין היימאַנען איבער די ערשטע אַנזאָגער פון גרויסוועלט, — די נאַקעטע קלעצער, וואָס אויף זיי איז אָט דאָ ניט לאנג אָנגעצויגן געווארן דראָטן, און אלטע לייט קומען אָן צופוס פון ווי־ווייט, כדי

אַנצוקוקן דעם ווונדער און כאטש „צולייגן אַן אויער צו די טעלע־גראַף־סלופּעס, וואָס ברומען אַזוי סודותדיק...״

שטאָט איז אָבער פאַרט שטאָט. און היימאַנס רייזע־ציל, לאָמיר ניט פאַרגעסן, איז ניט אויף אַ „ברית ביי אַ גרויסן ניכבד אין קאָוונע״ און אויך ניט אָפּצושטעקן אַ שלום־עליכם דעם באַרימטן גאון ר׳ אלינקע ראַגאָלער — אַזש צו אברהם מאַפּו האָט זיך היימאַן פאַרמאָסטן. און וואָס שטאָט־אַראָמאַט הייסט! אין איין אָוונט, אחוץ וואָס היימאַן לעבט אַדורך צוזאַמען מיטן גרויסן מייס־טער אַזויגע טיף־אינטימע מאָמענטן, ווי דעם אָנדענק פון מיכה יוסף לעוועזאָן, נעמט ער זיך באַלד אונטער מיט אים אַ שפּאַציר איבער אָפּגעלייגטע גאַסן און איבער גאַסן און פּלעצער רווישיקע. ער איז אויך מיט מאַפּון אַדורך טומל און געלאַף ביים אַלטן שלאָס, ביי פאַרבאַרגענע היילן... און היימאַן שפּאַרט אָן אַזש אין אַ סאַלאָן „דע ווערסאַל״, ווו מען הערט אפילו דייטש און סאַמע פראַנ־צייזיש... היימאַן ווערט מיט זיין „אברהם מאַפּו״ אַ שרייבער פון אַ לעבעדיק־פולסירנדיקן מקום אין ניינצנטן יאָרהונדערט.

אַ ברייטן שלום־עליכם אונדזער אליעזר היימאַנען ביי די טויערן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט!

(„דאָס וואָרט״, קאָוונע 25.6.37).